# I

איך האָב אַלע מאָל חושר געווען די געאָגראַפן אין אַ גראָבן טעות, ווען זיי זאָגן, אַז דער קאַמף־פּלאַץ פון מונדאַ געפינט זיך אין דער מדינה פון באַסטולי פעני, נישט ווייט פון דער היינטיגער מאָנדאַ, אין אַ מרחק פון אַן ערך צוויי ענגלישע מייל פון דער צפון־זייט פון מאַרבעלאַ. לויט מיינע אייגענע השערות, וועלכע איך האָב געמאַכט אויף דעם סמך פון דעם בוך „די שפּאַנישע מלחמה״, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון אַן אומבאַקאַנטן מחבר, און לויט אַ פּאָר ידיעות, וועלכע איך האָב צונויפגעקליבן אין דער אויסגעצייכנטער ביבליאָטעק פון דעם רוכס פון אָסינאַ, האַלט איך, אַז נישט אַנדערש די סביבה פון מאָנטיללאַ איז דאָס יענץ באַרימט אָרט, וואו צעזאַר האָט אויסגעשפּילט זיין לעצטן קאָן קעגן די קעמפער פון דער רעפּובליק. בעת איך בין געווען אין אַנדאַלוזיע אין אָנהויב אָסיען פון דעם יאָר 1830, האָב איך געמאַכט אַ היפּשע נסיעה, כדי צו פאַר־טרייבן מיינע לעצטע ספקות. איך פאַרהאָף צו פאַר־עפנטליכן אין גיכן אַ רעפעראַט, וועלכער וועט אין דעם ראָזינגן פּרט נישט איבערלאָזן קיין שום ספק בא אַ קיין איינציגן חשובן אַרכעאָלאָג. לאָמיר אָבער דערווייל

אַוועקלייגן אָן אַ זייט מיין אויספאָרשונג איבער דער ראָזינער געאָגראַפישער שאלה, וועלכע איז אַ רעטעניש פאַר אַלע אייראָפּייאישע געלערנטע, און אייך דערציילן אַ מעשהלע, וואָס האָט ניט קיין שייכות צו דער פראַגע מכּח דעם אָרט פון מאָנראַ.

זייענדיג אין קאָרראָוואַ, האָב איך מיר געדונגען אַ פירער מיט צוויי פערד און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיין גאַנצער באַגאַזש איז סך־הכּל באַשטאַנען פון אַ פּאָר העמדער און די „פּירושים פון צעזאַרן". איינמאָל האָב איך געבלאָנדזשעט אין דעם העכערן טייל פון דער קאַשע־נער סטעפּ. עס האָט געשרפעט אַ זון, וועלכע איז אַראָפּגעהאַנגען פון הימל שווער און טעמפּ ווי אַ בלייערנע קויל. איך בין געווען אַזוי פאַרמאַטערט און האָב אַזוי געחלשט אַ טרונק, אַז איך האָב פאַרשאָלטן צעזאַרן און די זין פון פּאָמפּעיוסן און האָב זיי אַלע צוזאַמען געשיקט צו אַלדי שוואַרצע יאָר. מיט אַמאָל האָב איך דערזעהן פון דערווייטנס אַ קליינע גרינע לאָנקע, וועלכע איז ערטערווייז געווען באַדעקט מיט פאַרשיידענע וואַסער־גראָזן. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ סימן, אַז ערגעץ וואו נישט ווייט פון דאַנען, דאַרף זיך געפינען אַ קוואַל. און כּך הוה. אַז איך בין צוגעגאַנגען אַביסל נעהענטער, האָב איך טאַקע דערזעהן, אַז דאָס איז ניט געווען קיין לאָנקע, נאָר אַ בלאָטע, אין וועלכער עס האָט זיך פאַרענדיגט אַ קליין טייכל. ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס טייכל אַרויסגערונען פון אַ שמאָלן דורכגאַנג צווישן צוויי הויכע וואַלן פון די קאַבראַ־בערג. איך בין געקומען צו דער מסקנה, אַז אויב איך וועל זיך נעמען באַרג אַרויף,

וועל איך געפינען פריש וואַסער מיט ווייניגער זשאַבעס און פּיאַווקעס, און אפשר אויך אַביסל שאָטן צווישן די פעלזן. בעת איך האָב זיך פאַרקערעוועט אין דעם דורכגאַנג, האָט מיין פערד אַ הירזשע געטאָן, און אַן אַנדער פערד, וועלכן איך האָב נישט געזעהן, האָט אים תּיכּף געענט־פערט. קוים האָב איך געמאַכט אַן ערך פון הונדערט טריט, ווי דער דורכגאַנג איז פלוצים ברייט געוואָרן, און פאַר מיר האָט זיך געעפנט אַ מין קיילעכדיגער פּלאַץ, טיף באַשאָטנט דורך די הויכע אָפּהאַנגען, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. אַ בעסער אָרט פאַר אַן אָפּרוה האָט מען זיך גאָרניט געקאָנט ווינשן, און מען וואָלט עס גאָרניט געקאָנט געפינען. צופוסן פון די הויכע און גלייכע פעלזן האָט געשלאָגן מיט אימפּעט אַ קוואַל, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין אַ קליינעם בעקן, אויס־געבעט מיט אַ שניי־ווייסן זאַמד. אויף די ברעגעס פונם קוואַל האָבן זיך אויפגעהויבן אין דער הייך פינף ביז זעקס שיינע און גרינע דעמבעס, צו וועלכע דער ווינט איז קיינמאָל נישט צוגעקומען, און וועלכע זיינען תּמיד באַנעצט געוואָרן דורך דעם פרישן וואַסער. דער בעקן איז אַרום און אַרום געווען באַוואַקסן מיט אַ רינעם, ווייכן און גלאַנציגן גראָז. אַ בעסערן געלעגער וואָלט מען נישט געקאָנט געפינען אין קיין אכסניה צען מייל אַרום.

נישט איך האָב געהאַט די זכיה צו אַנטפּלעקן אַזאַ שיין אָרט: אַריינגייענדיג אינעווייניג, האָב איך שוין דאָרט געפונען אַ מענשן, וועלכער איז געלעגן אויסגע־צויגן און איז אַפּנים געשלאָפן. דאָס הירזשען פון די פערד האָט אים אויפגעוועקט פונם שלאָף. ער האָט זיך

אַ הויב געטאָן פון זיין געלעגער און איז צוגעגאַנגען צו זיין פערד, וואָס האָט דערווייל אויסגענוצט דעם דרימל פון זיין בעל־הבית און האָט זיך גוט אָנגעגעסן מיט דעם אַרומיגן גראָז. דאָס איז געווען אַ יונגער פּאַרשוין פון מיטלער וואוקס, נאָר קענטיג אַ יונג מיט בּיינער. זיינע אויגן האָבּן געהאַט אַ שטאָלצן און אַ בּרוגזדיגן קוק. ער איז געווען אַזוי פאַרבּרענט פון דער זון, אַז זיין געזיכט, וואָס האָט געמוזט אַמאָל האָבּן אַ שיינע פאַרבּ, איז געווען טונקעלער פאַר זיינע האָר. מיט איין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם פערד פאַרן צוים, און אין דער אַנדערער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ מעשן בּיקסל. איך בּין זיך מורה ומתורה, אַז דאָס בּיקסל און דאָס ווילדע אויסזעהן פון זיין בעל־הבית האָבּן מיך לכתחילה אַבּיסל צעטומלט. אָבּער אין גנבים האָבּ איך דאָך נישט געגלויבּט, ווייל איך האָבּ תּמיד פון זיי געהערט ריידן און האָבּ זיי קיינ־מאָל נישט בּאַגעגנט. אַחוץ דעם, האָבּ איך אַזוי אָפט געזעהן ערליכע ישובניקעס, וועלכע פלעגן גיין אין מאַרק בּאַוואָפנט בּיז די ציין, אַז אַ בּיקס האָט מיר נאָך ניט געגעבּן דאָס רעכט חושד צו זיין דעם אומבּאַקאַנטן פּאַר־שוין אין אומערליכקייט. און נאָך אַלעמען האָבּ איך מיר געטראַכט, וואָס טויגן אים מיינע העמדער און מיינע „פּירושים"? און אַזוי אַרום האָבּ איך דעם אומ־בּאַקאַנטן אָפּגעגעבּן שלום דורך אַ פריינטליכן נויג מיטן קאָפּ און האָבּ אים שמייכלענדיג אַ פרעג געטאָן, צי האָבּ איך אים נישט געשטערט שלאָפן? ער האָט מיר נישט געענטפערט קיין וואָרט און האָט מיך אָנגעהויבּן צו מעסטן מיטן קוק פון קאָפּ בּיז די פיס. ווי עס ווייזט אויס,

איז ער געווען צופרידן מיטן רעזולטאַט פון זיין אויס־פּרוב. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו באַטראַכטן מיין פּירער, וועלכער איז צוגעגאַנגען נעהענטער, און איז פּלוצים געבליבן שטיין אַ בלייכער און אַ פּאַרציטער־טער. ער האָט באַשיימפּערליך געקראָגן גרויס פּחד. אַ שלעכטע באַגעגעניש, האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן! נאָר איך האָב תּיכּף פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר ניט אַרויסווייזן קיין שום מורא. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און האָב געהייסן דעם פּירער, ער זאָל אַראָפּנעמען דעם צוים פונם פערד. קניענדיג אויפן בּרעג פונם קוואַל, האָב איך אין אים איינגעטונקט די הענט און דעם קאָפּ. דערנאָך האָב איך אַ זופּ געטאָן אַ פול מויל מיט וואַסער און זיך אַוועקגעלעגט אויפן בויך, ווי גרעונס זינדיגע סאָלדאַטן. איך האָב אין משך פון דער גאַנצער צייט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דעם פּירער און דעם אומבאַקאַנטן. דער ערשטער האָט זיך צוגערוקט אָהן גרויס חשק, דער אַנדערער האָט משמעות נישט געהאַט קיין שלעכטע כּונות בנוגע צו אונז, וואָרום ער האָט אָפּגעלאָזט זיין פערד און האָט אַראָפּגעלאָזן זיין בּיקסל, וואָס ער האָט פריהער געהאַלטן גרייט אויס־געשטרעקט אין דער לייגג.

איך האָב בּוראי ניט געהאַט קיין פּאַריבל, וואָס די בּיידע פאַרשווינען האָבן נישט געקוקט אין מיין זייט. איך האָב זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז און האָב גאַנץ בּרייטליך אַ פרעג געטאָן דעם מענשן מיטן בּיקסל, צי האָט ער נישט בּאַ זיך אַ פייערנעציג, אַרויסנעמענדיג בּשעת

מעשה מיין ציגאַרניצע. דער אומבאַקאַנטער האָט נאָך אַלץ געשוויגן, נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן אין זיינע קעשענעס, האָט פון דאָרט אַרויסגענומען זיין פייער־געצייג און זיך געסטאַרעט וואָס גיכער אַרויסצושלאָגן פייער. מען האָט געזעהן באַשיימפּערליך, אַז ער איז געוואָרן ווייכער און צוגעלאָזענער, וואָרום ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן מיר, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס ביקסל אין די הענט. ווי נאָר איך האָב פאַררויכערט דעם ציגאַר, האָב איך אויסגעקליבן דעם בעסטן פון אַלע איבעריגע און האָב אים געפרעגט, צי ער רויכערט.

— יאָ, האָט ער געענטפערט.

דאָס זיינען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס מען האָט פון אים געהערט, און איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט זיי אַרויסגערעדט ניט אויף דעמזעלבינגן אופן, ווי די אַנדערע. דערפון האָב איך געדרונגען, אַז דאָס איז געווען פּונקט אַזאַ וואַנדערער. ווי איך, נאָר ניט אַזוי להוט נאָך אַרכעאָלאָגישע אויספאָרשונגען ווי איך.
— אָט דאָס דאָזיגע ציגאַרל וועט אייך אַוראי געפעלן, האָב איך אים אַ זאָג געטאָן, דערלאַנגענדיג אים אַ הדרל פון האַוואַנע.

ער האָט אַביסל .אַ נויג געטאָן מיטן קאָפּ, האָט פאַררויכערט זיין ציגאַר אָן מיינעם, האָט ווידער אַ נויג געטאָן מיטן קאָפּ, און האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַר־ציהען. מען האָט געזעהן, אַז ער האָט בשעת מעשה שטאַרק הנאה געהאַט.

— אָ ! — האָט ער אויסגערופן, אַרויסלאָזנדיג דעם ערשטן רויך פון דעם מויל און דורך די נאָזלעכער, — ווי לאַנג איז דאָס שוין, אַז איך האָב נישט געררויכערט!

דורך אַ ציגאַר ווערט מען אין שפּאַניע תּיכּף אַ גוטער בּרודער, אַזוי ווי אין די מזרח־לענדער דורך אַ בּשותּפות־דיגע סעודה פון ברויט מיט זאַלץ. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז מיין פּאַרשוין איז בּטבע גאָרניט געווען אַזאַ שווייגנדיגער, ווי איך האָב לכתּחילה געמיינט. אגב איז ער משמעות געווען זעהר ווייניג בּאַהאַוונט אין די היגע מקומות, הגם ער האָט גערעדט פון זיך ווי פון אַ לאַנגאָ־ניגן תּושב פון מאָנטיללאַ. ער האָט ניט געוואוסט, ווי עס האָט געהייסן דער שיינער טאָל, וואו מיר האָבּן זיך געפונען; ער האָט ניט געקאָנט אָנרופן בּאַם נאָמען קיין איינציג דאָרף פון די אַרומיגע ערטער; און אַז איך האָבּ אים געפּרעגט, צי האָט ער ניט געזעהן ניט ווייט פון אונז צעשטערטע מויערן, בּרייטע דאַכציגל מיט בּולטע קאַנטן און קינצלעריש בּאַאַרבּעטע שטיינער, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט אינטע־רעסירט מיט אַזוינע זאַכן. דערפאַר אָבּער איז ער געווען אַ גרויסער מבין אין הלכות פערד. ער האָט גע־פונען חסרונות אין מיין פערדל, וואָס איז, דעם אמת זאָגנדיג, נישט געווען אַזוי שווער, און האָט דערנאָך אָנגע־הויבּן אויסצורערציילן דעם יחוס פון זיין קליאַטשע, וועלכע האָט געשטאַמט פון דעם בּאַוואוסטן קאָרדאָווער שטאַל. דאָס איז בּאמת געווען אַ פיינע און איידעלע בּריה. ווערליג ווי איר בּעל־הבּית האָט מיר דערציילט, האָט זי איינמאָל דורכגעמאַכט אַ מרחק פון דרייסיג מייל אין איין

טאָג אין גאַלאָפּ און אין ברייטן לויף. אין רערמיט פון זיין שמועס איז דער אומבאַקאַנטער פּלוצים געבליבן שטיין, אַזוי ווי עס וואָלט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך שוין צו פיל צערערט. „פאַרשטייט איר מיך", האָט ער ווידער אָנגעהויבן אַביסל צעמישט, „איך האָב געמוזט נויטיג זיין אין קאָרדאָוואַ; איך האָב דאָרטן אַן עסק מכח אַ משפט"... רײַנגריג אַזוי, האָט ער אַלץ געקוקט אויף מיין פירער אַנטאָניאָ, וועלכער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דער שאָטן פון די בוימער און דער קוואַל האָבן מיך ממש מחיה געווען, און עס איז מיר געוואָרן אַזוי פריילעך אויפן האַרצן, אַז איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ טייערן שינקען, וואָס מיינע פריינט פון מאָנטיללאַ האָבן געהאַט אַריינגעלעגט אין דער טאָרבע פון מיין פירער. איך האָב געהייסן, אַז מען זאָל אַרויסנעמען דעם שינקען און אים ברייגגען אַהערצו, און איך האָב געבעטן דעם פרעמדן פאַרשוין, אַז ער זאָל זיך זעצן עסן מיט אונז צוזאַמען. ווי לאַנג ער האָט שוין ניט גערויכערט, האָב איך בוראי ניט געקאָנט וויסן, אָבער אַז ער האָט שוין זינט צוויי מעת לעת לכל הפּחות קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט, איז גאָרניט שווער געווען משער צו זיין. געאַכלט האָט ער ווי אַ אויסגעהונגערטער וואָלף. פאַר דעם ראָזיגן אומגליקליכן נפש האָט די באַגעגעניש מיט מיר געמוזט זיין אַ נס מן השמים. מיין פירער, זעהט איר, איז שוין געווען אַנגערעדט: ער האָט ווייניג געגעסן, נאָך ווייניגער געטרונקען, און די גאַנצע צייט ניט אויסגע־רערט קיין איינציג וואָרט, הגם ער האָט ביז אַהער אין

משך פון אונזער נסיעה געפלוידערט אָהן אַ שיעור. מען האָט געקאָנט זעהן, אַז ער האָט זיך זעהר ניט גוט געפילט, ויצנדיג צוזאַמען מיט דעם נייעם אורח. וואָס איז געווען די סבה דערפון, ווייס איך נישט, אָבער ביידע צדדים זיינען געווען פול מיט חשד און אומצוטרוי איינער צו דעם אַנדערן.

מען האָט שוין אויפגעגעסן די לעצטע ברעקלאַך ברויט און די רעשטלאַך פון דעם שינקען; איטליכער פון אונז האָט אויסגערויכערט אַ צווייטן ציגאַר; איך האָב געהייסן דעם פירער, ער זאָל אָנצוימען די פערד, און איך האָב שוין געהאַלטן דערביי צו געזעגענען זיך מיט מיין נייעם פריינט, ווי ער גיט מיך פלוצים אַ פרעג, וואו איך רעכן איבערצונעכטיגן היינטיגע נאַכט.

איידער איך האָב צייט געהאַט צו באַמערקן די וואונקען פון מיין פירער, האָב איך געענטפערט, אַז איך פאָר צו דער וואַנטאַ *) פון קווערוואָ.

— פאַר אַזאַ מענשן ווי איר איז דאָס אַ שלעכטע אַכסניה... איך פאָר אויך אַהינצו, און אויב איר וועט מיר ערלויבן אייך צו באַלייטן, וועלן מיר פאָרן צוזאַמען.

— מיט פאַרגעניגן, האָב איך אים געענטפערט, אַרויפזועצנדיג זיך אויפן פערד.

צוהאַלטנדיג דעם שטייגביגל, האָט מיין פירער אויף דאָס ניי אָנגעהויבן צו ווינקען מיט די אויגן. איך האָב אַ קוועטש געטאָן מיט די פלייצעס ווי איינער, וואָס זאָגט, אַז ער האָט ניט פאַר וואָס מורא צו האָבן, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

*) אַ מין אכסניה פאַר רייזנדע אין שפּאַניע.

די סורות־פּולע וואונקען פון מיין פירער אַנטאָניאָ, זיין אומרוהיגקייט, אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט בּאַ דעם אומבּאַקאַנטן, בּאַזונדערס, די נסיעה פון די דרייסיג מייל און די ווייניג בּאַפרידיגנדיגע דערקלערונג וועגן דעם — דאָס אַלץ האָט מיר שוין געגעבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג מכּח מיין נייעם חבר אויף מיין וועג. בּאַ מיר איז שוין ניט געווען קיין ספק אין דעם, אַז איך האָב דאָ צו טון מיט אַ קאָנטראַבּאַנדיסט און אפשר גאָר אויך מיט אַ גנב. וואָס אַרט עס מיך? דעם כאַראַקטער פון די שפּאַניער האָב איך געקענט זעהר גוט און איך בּין געווען בּטוח, אַז עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר אַ מענשן, מיט וועמען מען האָט געגעסן און גערויכערט צוזאַמען. אגב בּין איך טאַקע געווען שטאַרק צופרידן פון דעם געראַנק, אַז איך וועל זיך דאָ דערזעהן, וואָס איז אַזוינס אַ גזלן. גזלנים טרעפט מען ניט אַלע טאָג, און געפינען זיך נעבן אַ מסוכּנדיגן פּאַרשוין, בּפרט ווען ער איז צוגעלאָזן און ווייך, איז אַמאָל אַן אַנגענעמע ציקאַוועקייט.

איך האָב געהאָפט, אַז עס וועט זיך מיר איינגעבן צו דערפירן בּיסלעכווייז דעם אומבּאַקאַנטן צו אַזאַ מדרגה, אַז ער וועט אָנהויבן אַליין מיר אויסצודערציילן סורות פון חררֹ; איך האָב פאַרפירט אַ שמועס מכּח גנבים אויפן גרויסן שליאַך. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב פון זיי גערעדט מיט דרך ארץ. אין יענער צייט האָט אין אַנדאַלוזיע געשמט אַ גזלן אונטער דעם נאָמען ושאָזע־מאַריאַ; פון זיינע העלדישקייטן האָט מען אומעטום גערעדט. „אַ קשיה אויף אַ מעשה“, טראַכט איך מיר, „צי

געפין איך זיך ניט געבן דעם ראָזינגן חברה־מאַן?" איך האָב אָנגעהויבן צו דערציילן פאַרשיידענע מעשות מכּח דעם ראָזינגן העלד, און אַלץ צו זיין שבח, און איך האָב אַרויסגעוויזן גרויס אָפּשיי פאַר זיין העלדישקייט און זיין פיינעם כאַראַקטער.

— ושאָזע־מאַריאַ איז סך הכּל אַ זשוליק, האָט מיר דער אומבאַקאַנטער גאַנץ קאַלט געענטפערט.

„וואָס איז דאָס", טראַכט איך מיר, „צי וויל ער דאָס זיך אַליין פאַרמשפּטן, אָדער צי איז דאָס אַ צו גרויסע עניוות פון זיין צד?" צוקוקנדיג זיך צו מיין וועג־חבר, האָב איך אין אים אָנגעהויבן צו געפינען אַלע יענע סימנים, וועלכע איך האָב געזעהן אַרויסגעשטעלט בּאַ די טויערן פון אַ סך שטעט אין אַנדאַלוזיע. „יאָ, דאָס איז ער, בּנאמנות", טראַכט איך מיר, „טונקל־בּלאָנדע האָר, בּלויע אויגן, שיינע ציין, קליינע הענט; אַ פיין אויבערהעמד, אַ סאַמעטענע וועסט מיט זילבּערנע קנעפּ, שטיוועלאַך פון וויס לעדער, אַ ברוינער פערד... בּקיצור, דאָס איז ער, עס איז קלאָר ווי דער טאָג!" אָבער לאָמיר לאָזן צורוה זיין אינקאָגניטאָ און דערציילן ווייטער.

מיר זיינען אָנגעקומען אין דער אכסניה. זי איז געווען פּונקט אַזוי, ווי ער האָט מיר זי געהאַט אויסגעמאָלט, ד. ה. איינע פון די אָרימסטע אכסניהס, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זעהן. אַ גרויסע שטוב האָט פאַר־איינִיגט אין זיך אַ קיך, אַ שלאָף־און אַן עס־צימער. געקאָכט האָט מען דאָרט אויף אַ פּלאַטשיגן שטיין אין דער מיט פון דעם צימער, און דער רויך איז אַרויס־

געגאַנגען דורך אַ לאָך אין דאַך, אָדער ריכטיגער געזאָגט, דער רויך האָט זיך פאַרהאַלטן אין צימער גופא, אויסלייגנדיג זיך אין דער לייגנג איבער דער פּאָדלאָגע אין דער פאָרם פון אַ וואָלקן אין אַ הייך פון עטליכע פוס. אויף דער ערד זיינען געווען אויסגעבעט פינף אָדער זעקס גראָבע טיכער, מיט וועלכע מען דעקט צו מוילאייזלען. דאָס זיינען עס געווען די בעטן פאַר די דורכפאָרער. אַרום צוואַנציג טריט פון דעם הויז, אָדער ריכטיגער געזאָגט, פון דער איינציגער שטוב, וואָס איך האָב דאָ אָקאָרשט באַשריבן, איז געשטאַנען אַ מין שפייכלער, וואָס איז אויך געווען אַ שטאַל. אַן אַלטע פרוי און אַ קליין מיידל פון 10 ביז 12 יאָר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דעם דאָזיגן ליכטיגן מקום מנוחה. דאָס זיינען געווען די איינציגע מענשליכע באַשעפענישן, וועלכע איך האָב דאָרט געטראָפן אין יענער רגע. ביידע זיינען זיי געווען שוואַרץ ווי סאַזשע און אָנגעטאָן אין שרעקליכע שמאַטעס.

„אָט דאָס איז אַלץ", טראַכט איך מיר, „וואָס איז איבערגעבליבן פון דער באַפעלקערונג פון דער אַלטער מוגראַ בעטיקאַ! אָ, צעזאַר! אָ, סעקסט פּאָמפּעיוס! ווי וואָלט איר דאָס אַביסל נשתומם געוואָרן, ווען איר וואָלט צוריקגעקומען פון יענער וועלט"!

דערזעהענדיג מיין באַלייטער, האָט די אַלטע ניט ווילנדיג אויסגערופן שטאַרק פאַרחידושט:

— אַ, דאָס זייט איר, דאָן זשאָזע!

דאָן זשאָזע האָט געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע און האָט אויפגעהויבן די האַנט מיט אַ באַוועגונג פון

אַ באַפעל. די אַלטע איז תיכּף אַנטשוווּנדן געוואָרן. איך האָב זיך אומגעקוקט מיטן פּנים צו מײַן פירער און האָב אים דורך אַ קוים באַמערקליכן וואונק געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך ווייס אָהן אים, מיט וועמען איך וועל דאָ פאַרברענגען די נאַכט. די וועטשערע איז געווען אַ סך בעסער, ווי איך האָב מיר געקאָנט פאָרשטעלן. אויף אַ קליינעם טישל האָט מען אונז דערלאַנגט געהאַקט פלייש פון אַן אַלטן האָן מיט רייז און מיט אַ שלל פעפער, דערנאָך פעפער מיט בוימל און צום סוף — אַ מין סאַלאַט ווידער מיט פעפער. נאָך אַזעלכע דריי געפעפערטע געריכטן האָבן מיר זיך געמוזט נעמען צו אַ קרוג פון מאָנטיללער ווײַן, וועלכער איז געווען מן המובחר. דערזעהענדיג נאָכן עסן אַ מאַנדאָלינע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, — אין שפּאַניע זיינען אומעטום פאַראַן מאַנדאָלינעס — האָב איך געפרעגט די קליינע מיידל, וועלכע האָט אונז באַדינט, צי זי קאָן שפּילן.

— ניין, האָט זי געענטפערט, איך קאָן ניט שפּילן, אָבער דאָן זשאָזע שפּילט זעהר גוט.

— זייט אַזוי גוט, האָב איך אים געזאָגט, שפּילט מיר עפּעס אויף דער מאַנדאָלינע, איך האָב אַזוי האָלט אייער נאַציאָנאַלע מוזיק, איך גיי נאָך איר ממש אויס.

— אַזאַ פיינעם הער, וואָס גיט מיר אַזוינע טײַערע ציגאַרן, קאָן איך גאָרנישט אָפּזאָגן, האָט דאָן זשאָזע געענטפערט בהרחבותדיג.

ער האָט געהייסן, מען זאָל אים געבן די מאַנדאָלינע, און ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען, זיך אַליין אַקאָמפּאַנירנדיג. זיין קול איז געווען האַרט, אָבער אַנגענעם,

דער נגון טרויעריג און מאָרגע; פון די ווערטער האָב איך גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין.

— אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָב איך אים געזאָגט, איז דאָס נישט קיין שפּאַנישער נגון. דאָס איז געווען ענליך צו יענע נגונים, וועלכע זיינען באַקאַנט געווען אונטער דעם נאָמען טשאָרטשיקאָס און וועלכע מען פלעגט זינגען אין די קאַנטן פון ביסקאַיאַ.

— יאָ, האָט געענטפערט דאָן זשאָזע; אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ כמאַרע.

ער האָט אַוועקגעשטעלט די מאַנדראָלינע אויף דער ערד, פאַרלייגט די הענט און האָט אָנגעהויבן מיט אַ מאָרנעם אויסדרוק פון אומעט אויף זיין פּנים צו קוקן אויף דעם פייער, וואָס האָט געהאַלטן באַם אויסגיין. אין דער באַלייכטונג פון דעם לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם קליינעם טישל, האָט מיר זיין איידל און אין דער אייגענער צייט אויך ווילד געזיכט דערמאָנט אָן מילטאָנס שטן. אַזוי ווי יענער שטן האָט מיין באַלייטער אפשר געחלומט וועגן זיין פריהערדיגער היים, וועלכע ער האָט געמוזט פאַרלאָזן צוליב אַ חטא. איך האָב געפּרובט צו באַלעבן דעם שמועס, אָבער ער איז געווען פאַרזונקען אין טרויעריגע געדאַנקען און האָט מיר ניט געענטפערט. די אַלטע האָט זיך שוין געלעגט שלאָפן אין אַ ווינקל פון דער שטוב הינטער אַ פאָרהאַנג, אויסגעצויגן אויף אַ שטריק. די קליינע מיידל איז איר נאָכגעגאַנגען אין דעם דאָזיגן ווינקל, אָפּגעצאַמט פאַר די ווייבער. מיין פירער האָט זיך דאַן אויפגעהויבן און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל מיט אים אַריינגיין אין

שטאַל. באַ דעם ראָזיגן וואָרט האָט אים ראַן ושאָזע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אַ פרעג געטאָן אין אַ רוגזהדיגן טאָן, וואוהין ער גייט.

— אין שטאַל, האָט געענטפערט דער פירער.

— צוליב וואָס דען? די פערד האָבן וואָס צו עסן. לייג זיך דאָ, דער הער וועט עס דיר ערלויבן.

— איך האָב מורא, אַז דער פערד פונם פריץ איז קראַנק; איך וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל אויף אים געבן אַ קוק; אפשר וועט ער אים קאָנען העלפן מיט וואָס ס'ניט איז.

עס איז געווען קלאָר, אַז אַנטאָניאָ האָט מיט מיר געוואָלט ריידן ביחידות. אָבער איך האָב לחלוטין ניט געוואָלט באַשאַפן צווישן מיר און ראַן ושאָזע אַן אַטמאָספערע פון חשד. פאַרקערט: איך האָב עס געהאַלטן פאַר קליגער אים אַרויסצוּווייזן דעם גרעסטן צוטרוי. איך האָב געענטפערט מיין פירער, אַז איך בין אַ גרויסער עם־הארץ אין אַלע אַזוינע זאַכן און אַז איך וויל שלאָפן. ראַן ושאָזע אָבער איז אים נאָכגעגאַנגען אין שטאַל אַריין און איז באַלד געקומען צוריק איינער אַליין. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דעם פערדל פעלט גאָרנישט ניט, אָבער מיין פירער האַלט אים פאַר אַזאַ איידל און ציטעריג באַשעפעניש, אַז ער געפינט עס פאַר נויטיג אים אָפּ־צורייבן מיט זיין וועסט, כדי די הויט זאָל זיך אויספּאַרען, און אַז ער רעכנט צו פאַרברענגען די גאַנצע נאַכט מיט דער ראָזיגער אַרבעט. דערווייל אָבער האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף די טיכער און האָב זיך גוט איינגע־וויקלט אין מיין מאַנטל, כדי איך זאָל זיי ניט באַרירן מיט

מיין קערפּער. ראָן ושאָזע האָט זיך געלעגט נעבן מיר פאַר דער טיר, בעטנדיג איך זאָל אים מוחל זיין, וואָס ער ערלויבט זיך עס. איידער ער האָט זיך געלעגט, האָט ער באַנייט דעם צינדר־פּאָדים פון זיין ביקסל, האָט עס אַרונטערגעשטעקט אונטער דער טאָרבע, וואָס איז אים געלעגן צו קאָפּנס. מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אין פינף מינוט אַרום זיינען מיר ביידע געשמאַק איינגעשלאָפן.

איך בין געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז איך האָב עס געהאַלטן פאַר מיגליך איינצושלאָפן אַפילו אין אַזאַ אָרט. אָבער אין אַ שעה אַרום איז מיין שלאָף איבערגעריסן געוואָרן, מחמת עס האָט מיך אָנגעהויבן שרעקליך צו בייסן. ווי נאָר איך האָב פאַרשטאַנען די סבה, האָב איך זיך אויפגעהויבן, וואָרום איך בין געווען בטוח, אַז עס איז בעסער צו פאַרברייננגען דעם אַנדערן טייל פון דער נאַכט אונטער דעם פרייעם הימל איידער צווישן אַזעלכע אומפריינטליכע פיר ווענט. טרעטנדיג אויף די שפּיץ פינגער, האָב איך דערגרייכט די טיר, האָב אַריבערגעשפּרייזט דעם געלעגער פון ראָן ושאָזע, און עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצוגיין פון שטוב און אים ניט אויפוועקן פונם שלאָף. נעבן דער טיר איז געשטאַנען אַ ברייטע הילצערנע באַנק; אויף דער ראָזי־גער באַנק האָב איך זיך אויסגעצויגן און האָב אַלץ צו־רעכט געמאַכט, כדי צו פאַרענדיגן די נאַכט. איך האָב שוין געהאַט צוגעמאַכט די אויגן צום צווייטן מאָל, אָבער מיט אַמאָל האָט זיך מיר עפּעס אויסגעוויזן, אַז צוויי שאָטנס שוועבן פאַרביי פאַר מיר, אַ שאָטן פון אַ מענשן

און אַ שאָטן פון אַ פערד. ביידע זיינען געגאַנגען גאַנץ שטיל אָהן אַ מינדסטן גערויש. איך האָב זיך אַוועק־געזעצט אויף מיין געלעגער; מיר האָט זיך אויס־געדוכט, אַז איך דערקען מיין פירער אַנטאָניאָ. איך האָב זיך שטאַרק געחידושט, וואָס איך זעה אים אַרויס־גיין פון שטאַל אין דער ראָזיגער שעה; איך בין אויפ־געשטאַנען און בין אים אַנטקעגן געגאַנגען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, וואָרום ער האָט מיך שוין דערזעהן.

— וואו איז ער? — האָט אַנטאָניאָ אַ פרעג געטאָן שטילערהייט.

— אין שטוב; ער שלאָפט; ער האָט ניט קיין מורא פאַר וואַנצן. צו וואָס פירט איר עס אָפּ דאָס פערדל?

דאַן ערשט האָב איך באַמערקט, אַז אַנטאָניאָ האָט אַרומגעוויקלט די פיס פונם פערד מיט שטיקלאַך פון אַן אַלטן טוך, כדי עס זאָל זיך ניט הערן קיין שום גערויש באַם אַרויסגיין פונם שטאַל.

— למען השם, רעדט אַביסל שטילער! משמעות, אַז איר ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ חברה־מאַן עס געפינט זיך דאָרט. דאָס איז דאָך זשאָזע נאַוואַרראָ, דער גרעסטער באַנדיט אין אַנדאַלוזיע. דעם גאַנצן טאָג האָב איך אייך צוגעוואונקען, און איר האָט אַלץ ניט גע־וואָלט פאַרשטיין.

— אַ דאגה מיר אַ גרויסע, צי ער איז אַ באַנדיט צי ניט, האָב איך אים געענטפערט, אונז האָט ער דער־וויל ניט באַגנבעט, און איך וועט זיך מיט אייך, אז ער האָט דאָס גאָרנישט ברעה.

— מילא, זאָל זיין אַזוי ווי איר זאָגט. אָבער מען גיט צוויי הונדערט רוקאַטן איטליכן, ווער עס וועט אים כאַפּן און צושטעלן אין פּאָליציע. אָנרערטהאַלבן מייל פון ראַנען געפינט זיך אַ בורקע, וואו עס שטייען איין סטראַזשניקעס, און איידער עס וועט טאָג ווערן ברייננ איך אַהערצו עטליכע געזונטע יונגען. איך וואָלט גע־נומען זיין פערד, נאָר ער איז מוראָדיג בייז און לאָזט קיינעם ניט צו צו זיך אַחוץ זיין בעל־הבית נאַוואַררא.

— אַ רוח אין אייער טאַטן אַריין! — האָב איך אים געזאָגט, — וואָס האָט איר צו דעם אומגליקליכן מענשן נעבעך, וואָס איר ווילט אים מסרן? און אַחוץ דעם, צי זייט איר דאָס שוין אַזוי בטוח, אַז דאָס איז דער רויבער, פון וועמען עס רעדט זיך דאָ?

— בלי שום ספק, אָקאָרשט ערשט איז ער מיר נאָכגעגאַנגען אין שטאַל אַריין און האָט מיר געזאָגט: „דו ווייסט, משמעות, ווער איך בין, אויב דו זאָגסט דאָס אויס דעם גוטן פריץ, וועל איך דיר צעפּלעטן דעם מוח". מילא, איר קאָנט באַ אים בלייבן, איר האָט ניט וואָס מורא צו האָבן. כל זמן איר וועט זיך געפינען אין שטוב, וועט ער קיינעם אין גאָרנישט ניט חושד זיין.

שמועסנדיג אַזוי, האָבן מיר זיך אַזוי פיל דערווייטערט פון דער אכסניה, אַז מען האָט שוין נישט געקאָנט הערן דעם גערויש פון דעם פערדס פּאָרקאָוועס. אַנטאָניאָ האָט תיכף אַראָפּגענומען די טראַנטעס פון דעם פערדס פיס און האָט שוין געהאַלטן באַם אַרויפזעצן זיך. איך האָב אויסגעפּרובט אַלע מיטלען אים אָפּצוהאַלטן, איך האָב געבעטן און געסטראַשעט.

— איך בין אַ קבצן, מיין ליבער הער! — האָט ער מיר געענטפערט; צוויי הונדערט רוקאַטן וואַלגערן זיך ניט אויפן גאַס און מען טאָר זיי ניט אַרויסלאָזן פון די הענט, בפרט ווען מען דאַרף באַפרייען דאָס לאַנד פון אַזאַ פּאַסקודע. אָבער געדיינקט, היט זיך; ווען נאַוואַרראָ וועט זיך אויפכאַפּן, וועט ער גלייך אַ שפּרונג טון צו זיין ביקסל, טאָ גיט זשע אַכטונג! איך בין שוין צו ווייט אָפּגעריטן, כדי איך זאָל זיך אומקערן צוריק; טוט איצט, ווי איר פאַרשטייט אַליין.

און תּוך כּדי דבור איז ער שוין געזעסן אין זאָטל; ער האָט אָנגעשפּאָרעט דעם פערד און אין דער טונקלקייט פון דעם אָוונט איז ער באַלד נעלם געוואָרן.

איך בין געווען שטאַרק אין כּעס אויף מיין פירער און טאַקע אויך אַ רעכט ביסל אומרוהיג. אויף אַ רגע האָב איך זיך פאַרטראַכט, נאָר איך האָב עפּעס באַ־שלאָסן און בין אַריין אין שטוב. דאָן זשאָזע איז געשמאַק געשלאָפן, אויסגלייכנדיג די ביינער נאָך אַזוי פיל וואָג־לעניש און ניט אויסגעשלאָפענע נעכט, און איך האָב אים געמוזט שטאַרק טרייסלען, כּדי אים אויפצוּוועקן פון שלאָף. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן זיין ווילדן קוק און זיין באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך געכאַפּט פאַר זיין ביקסל, וואָס איך האָב אָפּגעלעגט אָן אַ זייט, ווּיסנדיג פריהער, וואָס דאָ וועט געשען.

— איך בעט איבער אייער כּבוד, זאָג איך אים, וואָס איך מוז אייך אויפוועקן; אָבער איך וויל אייך פרעגן אַ נאַרישע קשיה: וואָס וועט אַן ערך זיין, ווען דאָ

וועלן אָנקומען אַ האַלב טוץ סטראַזשניקעס, צי וועט איר שטאַרק הנאה האָבן דערפון?

ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער און האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַ שרעקליכן קול:

— ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— וואָס איז די נפקא־מינה, ווער עס האָט מיר געזאָגט, אַבי עס איז אַן אמת.

— אייער פירער האָט מיך געמסרט, ער וועט עס שוין אָבער געדיינקען! וואו איז ער?

— וואו ער איז, ווייס איך ניט... מן הסתם אין שטאַל... אָבער עמיצער האָט עס מיר געזאָגט...

— ווער האָט אייך געזאָגט?... די אַלטע דאָך בוראי נישט...

— עמיצער, וועמען איך קען ניט... בקיצור, עס זיינען פאַראַן סבות, צוליב וועלכע איר טאָרט ניט וואַרטן ביז די סטראַזשניקעס וועלן קומען? אויב יאָ, טאָ פאַרלירט ניט קיין צייט אומזיסט; און אויב ניט, טאָ זייט מיר געזונט, און איך בעט אייך, איר זאָלט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אייך געשטערט דעם שלאָף.

— אַ, דאָס איז אייער פירער, אייער פירער! שוין פון דער ערשטער רגע אָן האָב איך צו אים געקראָגן אַן אומצוטרוי... אָבער דאָס וועט אים קאָסטן טייער!...

אַ גוטן טאָג, מיין הער. גאָט זאָל אייך באַלוינען פאַר אייערע מעשים טובים בנוגע צו מיר. איך בין בטבע

נאָר נישט אַזוי שלעכט ווי מען מיינט... יאָ, איך פאַרמאָג נאָך אין מיר עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרדינט רחמנות פון אַ פיינעם מענטשן... אַ גוטן טאָג... מיך פאַרדריסט מער ניט ווי איין זאַך — ראָס, וואָס איך קאָן אייך נישט אָפּצאָלן פאַר אייער גוט האַרץ.

— אויב איר ווילט ניט אַנדערש ווי נאָר אָפּצאָלן, טאָ זאָגט מיר צו, ראָן זשאָזע, אַז איר וועט אויף קיינעם קיין חשד ניט וואַרפן און אַז איר וועט ניט קלערן וועגן נקמה. וואַרט אויף נאָך אַ ווײַלע, אָט האָט איר ציגאַרן אויפן וועג, פאָרט געזונט!

און איך האָב אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט מיר זי שווייגנדיג געדריקט, האָט גענומען זיין ביקסל און זיין טאָרבע, האָט געזאָגט דער אַלטער עטליכער ווערטער אויף אַ נגבהשן לשון, וואָס איך האָב ניט געקאָנט פאַר־שטיין, און איז געלאָפן אין שטאַל אַריין. אין עטליכע מינוט אַרום האָב איך אים געהערט גאַלאָפּירן אינם פעלר.

איך האָב זיך ווידער צוגעלעגט אויפן באַנק, אָבער איינשלאָפן האָב איך שוין ניט געקאָנט. איך האָב זיך געפרעגט, צי האָב איך גוט געטאָן, וואָס איך האָב געראַטעוועט פון דער תליה אַ גנב און אפשר אויך אַ רוצח, און סך הכל דערפאַר, וואָס איך האָב מיט אים צוזאַמען געגעסן שינקען און רייז אויף דעם וואַלענציענער שטייגער. צי איז אין דעם נישט געלעגן קיין בגידה קעגן מיין פירער, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן געזעץ; צי האָב איך אים נישט געשטעלט אין אַ סכנה מצד דעם פאַרברעכער? אָבער דער חוב פון הכנסת אורחים!...

אַן איינרייִדעניש פֿון אַ ווילדן, האָב איך מיר געטראַכט; איך טראָג אויף מיר איצט די אחריות פֿאַר אַלע מעשים תּעתּועים, וואָס דער באַנדיט וועט אָפּטון... און צוריק גערעדט איז דער ראָזיגער אינסטינקט פֿון געוויסן, וואָס קיין לאָגיקע קאָן ניט בייקומען, טאַקע מער ניט ווי אַן איינרייִדעניש? אפשר איז פֿאַר מיר גאָר נישט מיגליך געווען אַרויסצוגיין פֿון אַזאַ אומקלאָרער לאַגע אָהן געוויסן־פּלאָגעניש? איך האָב נאָך אַלץ ניט געוואוסט, וואָס איבערצוטראַכטן מכּח דעם מאָראַלישן באַטייט פֿון מיין אָפּטו, ווי מיינע ספֿקות זיינען מיט אַמאָל איבערגעריסן געוואָרן דורכן אָנקומען פֿון אַ האַלב טוץ סטראַזשניקעס מיט מיין פֿירער אַנטאָניאָ, וועלכער איז פֿאַר מורא געשטאַנען פֿון הינטן. איך בין זיי געקומען אַנטקעגן און האָב זיי מודיע געווען, אַז דער באַנדיט איז שוין זייט צוויי שעה אַנטלאָפֿן. דער אָנפֿירער פֿון די סטראַזשניקעס האָט אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן די אַלטע; זי האָט געענטפֿערט, אַז אוודאי קען זי נאַוואַררען, נאָר זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט דערוועגט איינשטעלן דאָס לעבן דורך אַ מסירה אויף אים. זי האָט נאָך דערציילט, אַז אַלע מאָל ווען ער איז איינגעשטאַנען בײַ איר, פֿלעגט ער אַרויספֿאָרן אין מיטן דער נאַכט. איך אָבער האָב זיך געמוזט שלעפֿן עטליכע מייל ערגעץ אין אַ דאָרף, וואו איך האָב געמוזט ווייזן מיין פּאַס און אונטערשרייבן אַ דערקלערונג. דערנאָך האָט מען מיר ערלויבט ווייטער מאַכן מיינע אַרכעאָלאָגישע אויספֿאָרשונגען. אַנטאָניאָ איז געווען אויף מיר אין כּעס, ווייל ער האָט משער

געווען, אַז איך האָב אים נישט געלאָזט פאַרדינען די צוויי הונדערט רוקאַטן. נישט קוקנדיג דערויף, האָבן מיר זיך צעשיירט פון אַנאַנד אין קאָרדאָוואַ אַלס גוטע פריינט. איך האָב אים געגעבן אַ מתּנה לויט דעם מצב פון מיינע פינאַנצן.

# II

עטליכע טעג האָב איך פאַרבראַכט אין קאָררּאָוואַ. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ געוויסן כתב־יד אין דער ביבליאָטעק פון די דאָמיניקאַנער, וואו איך האָב געקאָנט געפינען אינטערעסאַנטע ידיעות מכח דער מונדאַ אינם אַלטערטום. די מאָנאַכן האָבן מיך זעהר גוט אויפ־גענומען. די טעג פלעג איך פאַרברייננגען אין זייער מאָנאַסטיר און די אָוונטן פלעג איך אַרומשפּאַצירן אין שטאָט. אין דער לייגג פון דעם טייך גוואַדאַל־קוויווויר ציהט זיך אַ קינצליך געמאַכטער הויכער ברעג, וואו עס בלאָנקען אַרום אין דער צייט פון בין השמשות אַ מאַסע לײדיגגייערס. עס טראָגט זיך דאָרטן אַ ריח פון אַ גאַרבאַרניע, וועלכע געפינט זיך אין שכנות, און צוליב וואָס דער גאַנצער קאַנט אַרום איז באַקאַנט מיט זיין לערער־פאַבריקאַציע. דערפאַר אָבער קאָן מען דאָרט זעהן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געוויס זיינע מעלות. עטליכע מינוט פאַר דער אָוונט־תּפלה „אַנגעלוס“ קלייבט זיך צונויף אונטן נעבן טייך אַ גרויסע קאָמ־פּאַניע פון ווייבער. קיין אייננצינגער מאַנסבּל דערוועגט זיך ניט צוצושטיין צו דער דאָזיגער קאָמפּאַניע. מיט די ערשטע קלאַנגען פונם קלויסטער־גלאָק הויבט זיך פאַר

אַלעמען אָן די נאַכט. באַם לעצטן קלאַנג פון דעם גלאָק טוען זיך די ווייבער אויס און גייען אַריין אין וואַ־סער. פון זייער געפּילדער, זייער געלעכטער, זייער פּאַטשעריי און זייערע געשרייען ווערט פאַרהילכט דער גאַנצער שטח אַרום און אַרום. די מאַנסבּלען שטייען אויבן און קוקן אַראָפּ אויף די פרויען אין וואַסער; זיי שפּאַרן אויף די אויגן, ווי ווייט זיי קאָנען, נאָר זיי זעהען ניט קיין סך. אָבער די ווייסע און פאַרשוואומענע געשטאַלטן, וואָס צייכענען זיך אָפּ אויף דעם טונקל־בלויעם אויבערפלאַך פונם טייך, טראָגן אַריין אַ שטאַרקע באַוועגונג אין דער ריכטערישער פאַנטאַזיע; ווער עס פאַרמאָגט נאָר אַביסל כח הדמיון, פאַר דעם איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן ריאַנען מיר אירע נימפעס באַם באָרן זיך, און דערצו קאָן ער נאָך בטוח זיין, אַז מיט אים וועט זיך ניט טרעפן ראָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַקטעאָנען. מען האָט מיר דערציילט, אַז איינמאָל האָבן זיך עטליכע קונדסים צונויפגערעדט, און האָבן אונטער־געקויפט דעם גלאָקן־קלינגער, כדי ער זאָל קלינגען דעם „אַנגעלוס" צוואַנציג מינוט פאַר דער באַשטימטער שעה. הגם עס איז נאָך געווען ליכטיג איז באַ די נימ־פעס פונם טייך גוואַראַלקוויווער ניט געווען קיין שום ספק אין דעם, אַז עס איז שוין נאַכט, ווייל זיי האָבן צו דעם „אַנגעלוס" געהאַט מער צוטרוי ווי צו דער זון; זיי האָבן זיך אויסגעטאָן ביז אויף זייערע באָר־קאָסטיומען, וועלכע זיינען געווען בתכלית הפשטות. איך בין דערביי ניט געווען. צו מיין צייט איז דער גלאָקן־קלינגער געווען אַן ערליכער מאַן, ממש אַ שונא בצע, דער בין

השמשות איז געווען טונקל און אפשר אַ קאַץ וואָלט נאָך יאָ געקאָנט אַרויסגעפינען דעם חלוק צווישן דער עלטס־טער מאַרק־פרוי און דער שענסטער גריזעטקע פון קאָרראָוואַ.

איינמאָל אין אָוונט בין איך געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער פּאָרענטש פון די טרעפּ, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פונם ברעג ביז דעם וואַסער, און האָב גערויכערט אַ ציגאַר. דאָס איז געווען אין יענער שעה פון טאָג, ווען מען זעהט שוין לחלוטין גאָרנישט ניט; ערשט עס הויבט זיך אַרויף אַ געשטאַלט פון אַ פרוי און זעצט זיך אַוועק נעבן מיר. זי האָט געטראָגן אין די האָר אַ געריכטן בוקעט פון ושאַסמין, וועלכער פאַרשפּרייט אַרום זיך אין די אָוונט־שעהן אַ שאַרפן ריח ביז צום שכור װערן. זי איז געווען זעהר פשוט און אפשר אויך אָרים אָנגעטאָן, גאַנץ אין שוואַרצן, ווי דאָס רוב מיידלאַך פון דעם ראָזינג מין אין אָוונט. בכבודע בעל־הבתּישע פרויען גייען אָנגעטאָן אין שוואַרצן נאָר צו מאָרגנס; באַנאַכט טוען זיי זיך אָן אויף דעם פראַנצויזישן שטייגער. זיצנדיג אַזוי נעבן מיר, האָט די אָקאָרשט אָפּגעבאָדענע פרוי אַראָפּגעלאָזט איבער די פּלייצעס דאָס קאָפּ־טיכל, און אין דעם טונקלען שיין פון די שטערנס האָב איך געקאָנט זעהן, אַז זי איז געווען קליין, יונג, גוט געבויט און אַז זי האָט געהאַט זעהר גרויסע אויגן. איך האָב תּיכּף אַוועקגעוואָרפן מיין ציגאַר. זי האָט פאַרשטאַנען די ראָזינגע עכט פראַנצויזישע פיינקייט און האָט מיר תּיכּף געזאָגט, אַז זי האָט אייגנטליך האָלט דעם ריח פון

טאַבאַק און אַז זי רויכערט אַפילו אַליין, ווען זי געפינט נאָר ניט קיין שאַרפע „פּאַפּעליטאָס“. צום גליק האָבן זיך אין מיין ציגאַרניצע געפונען אַ פּאָר אַזוינע ציגאַרן, און איך האָב זיי איר דערלאַנגט מיט דער גרעסטער התקרבות. זי האָט מיר געטאָן אַ טובה און האָט גענומען אַ ציגאַרל, פאַרוויכערנדיג אים אָן אָנגעצונדענעם פאָדים, וואָס אַ קינד האָט אונז צוגעטראָגן פאַר אַ סו*). אויסמישנדיג דעם רויך פון אונזערע ציגאַרן, זיינען מיר געזעסן און האָבן געשמועסט אַזוי לאַנג ביז מיר זיינען געבליבן אַליין אויפן ברעג. איך האָב געהאַלטן, אַז איך וועל ניט אָנרירן איר כבוד, ווען איך וועל איר פאָרשלאָגן אַריינצוגיין מיט מיר אין אַ קאַפּיינע צו עסן מיט מיר אַ פאָרציע מאָראָזשענע. זי האָט זיך אַפילו אַביסל גע־קווייקלט, אָבער האָט מיין פאָרשלאָג אָנגענומען. נאָר איידער זי האָט באַשלאָסן מיט מיר צו גיין, האָט זי געוואָלט וויסן וויפיל דער זייגער איז. איך האָב אַ קוועטש געטאָן די ספּראָנזשינקע, און דער זייגער האָט אָנגעהויבן צו קלינגען. זי איז געוואָרן דערפון שטאַרק פאַרחידושט.

— איר, אויסלענדער, האָט ראָך משונהדיגע המצאות! פון וואַנען זייט איר ראָס? בוראַי אַן ענגלענדער?

— איך בין אַ פראַנצויז און אייער געהאָרכזאַמסטער משרת. און איר, פריילין אָדער מאַדאַם, פון וואַנען זייט איר, פון קאָרדאָוואַ מן הסתם?

— ניין.

---

*) אַ מטבע.

— אויב ניט פון קאָרדאָוואַ זייט איר לכל הפחות פון אַנדאַלוזיע. מיר דוכט זיך, אַז מען קאָן עס דער־קענען פון אייער ווייכער אויסשפּראַך.

— אויב איר זייט אַזאַ מבין אויף דער אויסשפּראַך פון די מענשן, דאַרפט איר טרעפן, ווער איך בין.

— איך מיין, אַז איר זייט פון יהושע הנוצרים מדינה, צוויי טריט פונם גן־עדן.

מיט דעם דאָזיגן אויסדרוק ווערט געמיינט אַנדאַלוזיע; אַזוי האָט מיר געזאָגט מיין פריינט פראַנטשיסקאָ סעוויליאַ, אַ באַוואוסטער פּיקאַדאָר*).

— עט, דער גן־עדן... דאָ, אין די היגע קאַנטן זאָגט מען, אַז דער גן־עדן איז נישט פאַר אונז.

— נו, אויב אַזוי, זייט איר בוראי אַ מאַוריטאַנקע אָדער... איך האָב געוואָלט זאָגן אַ אידישקע, אָבער איך האָב זיך ניט דערוועגט און בין געבליבן שטיין אין מיטן.

— אַי, וואָס דרייט איר אַ מח! איר זעהט דאָך, אַז איך בין אַ ציגיינערקע; ווילט איר, וועל איך אויסלייגן אין קאָרטן. האָט איר אַמאָל געהערט ריידן פון קאַר־מענטשיטען? אָט דאָס בין איך!

אין יענער צייט, דאָס איז אַ מעשה פון פופצען יאָר, בין איך שוין געווען אַזאַ אַפּיקורוס, אַז איך האָב כלל ניט מורא געהאַט צו זיצן נעבן אַ מכשפה. „גוט!" קלער איך מיר, „מיט אַ וואָך צוריק האָב איך געגעסן וועטשערע מיט אַ גנב אויף די גרויסע שליאַכן און

*) אַ קעמפער קעגן אָקסן.

הײנט װעל איך עסן מאָראָזשענע מיט דער מחותּנתטע פֿונם טײװל. אַז מען לאָזט זיך איבער דער װעלט, באַדאַרף מען אַלץ צװעהן".

באַ מיר איז נאָך אַחוץ דעם געװען אַן אַנדער סבּה, צוליב װאָס איך האָב געזוכט אַזעלכע באַקאַנטשאַפֿטן. איך בּין זיך מודה צו מײן גרױסער חרפּה, אַז נאָך דעם, װי איך האָב געענדיגט די שול, האָב איך זיך אָנגעהױבּן צו פֿאַרנעמען מיט פֿאַרבּאָרגענע װיסנשאַפֿטן, אױף װעלכע איך האָב געפּטרט אַ געװיסע צײט; עטליכע מאָל האָב איך אַפֿילו געפּרובט אַרױסרופֿן די רוחות פֿון דער פֿינסטערניש. פֿון דער תּאוה צו אַזױנע אױספֿאָרשונגען בּין איך שױן לאַנג אױסגעהײלט געװאָרן, אָבּער פֿונדעסטװעגן איז נאָך אין מיר פֿאַרבּליבּן אַ געװיסע ציקאַװעקײט פֿאַר אַלערלײ זאַבּאַבּאָנעס, און איצט האָב איך זיך דערפֿרײט, װאָס איך װעל זיך דערװיסן, בּיז צו אַ װאָסער מדרגה איז דערגאַנגען דער כּשוף בּאַ די ציגײנערס.

שמועסנדיג אַזױ, זײַנען מיר דערגאַנגען בּיז צו דער קאַפּײנע. מיר זײנען אַרײנגעגאַנגען און האָבּן זיך געזעצט בּאַ אַ טישל, װאו עס איז געשטאַנען אַן אָנגעצונדענע ליכט אין אַ גלעזערנער קױל. איך האָב דאַן געהאַט גענוג צײט צו בּאַטראַכטן מײן ציגײנערקע, װיצנדיג אין אַ סבֿיבֿה פֿון אַ פּאָר גאַנץ פֿײנע בּעלי־בּתּים, װעלכע האָבּן זיך שטאַרק געװאונדערט, זעהענדיג מיך אין אַזאַ קאָמפּאַניע.

באַ מיר איז אַ גרױסער ספק, צי פֿרײלין קאַרמען שטאַמט פֿון אַ רײנער ראַסע, לכל הפּחות איז זי געװען

אָהן אַן ערך שענער און באַחנטער איידער אַלע ווייבער פון איר נאַציע, וואָס איך האָב אַמאָל באַגעגנט. אַ שיינע פרוי, זאָגן די שפּאַניער, דאַרף אין זיך פאַראייניגן דריי־סיג „אויב“, און אַז מען וויל, קאָן מען אויך זאָגן, אַז אַ שיינע פרוי איז די, פון וועמען מען קאָן געבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג דורך צען צוגאָב־ווערטער, וואָס איטליכס וואָרט דריקט אויס די טבע פון דריי טיילן פון איר געשטאַלט. זי דאַרף האָבן, למשל, דריי שוואַרצע זאַכן: אויגן, ברעמען און וויהעס; דריי איידעלע זאַכן: פינגער, ליפּן און האָר א. אַ. וו. בנוגע צו די איבעריגע זאַכן, גיט אַ קוק באַ בראַנטאָם*). מיין ציגיינערקע האָט אויף אַזוי פיל מעלות ניט געקאָנט רעכענען. איר הויט, וואָס איז פאַר זיך גופא געווען אינגאַנצן גלאַט, האָט געהאַט די פאַרב פון קופּער. אירע אויגן זיינען געזעסן קרום, האָבן אָבער געהאַט אַ וואונדערליכן שניט; אירע ליפּן זיינען געווען ריקליך, אָבער זעהר שיין געצייכנט, און אונטער זיי האָבן זיך אַרויסגעזעהן ציין, ווייסער ווי אָפּגעשיילטע מאַנדלען. אירע האָר, הגם אַביסל צו גראָב, זיינען געווען שוואַרץ, לאַנג און גלאַנציג, מיט אַ בלויעם אָפּגלאַנץ, ווי אַ פליגל פון אַ ראָב. כּדי אייך ניט צו דערעסן מיט אַ צו לאַנגע באַשרייבונג, וועל איך זאָגן בקיצור, אַז מיט איטליכן חסרון האָט זי פאַרבונדן אַ מעלה, וועלכע איז טאַקע צוליב דעם חסרון אַרויסגעטראָטן נאָך בולטער. דאָס איז געווען אַ מאָרנע און ווילדע שיינקייט, אַ געזיכט, באַ וועלכן מען ווערט תּחילת פאַרוואונדערט, אָבער

*) מחבר פון א בוך.

מען קאָן עס ניט פֿאַרגעסן. באַזונדער אירע אויגן האָבן געהאַט אין זיך אַן אויסדרוק פֿון תאווה, פֿון ווילדקייט. אַזאַ קוק האָב איך בײַ קיין שום מענטשן אין דער וועלט ניט געטראָפֿן. אַ ציגײַנערש אויג, אַ וואָלפֿיש אויג, זאָגן די שפּאַניער, און דאָס זאָגט ערות אויף אַ שאַרפֿן פּסיכאָלאָגישן קוק. אויב איר האָט ניט קײַט צײַט צו גיין אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, כּדי צו באַטראַכטן דעם קוק פֿון אַ וואָלף, טאָ באַטראַכט אײַער קאַץ, בעת זי לאָקערט אויף אַ וואָראָבײ.

איך האָב געפֿילט, אַז איך וואָלט זיך נאַריש געמאַכט, ווען איך וואָלט זיך געלאָזט אויסלייגן אין קאָרטן דאָ אין קאַפּיינע. איך האָב דערפֿאַר געבעטן בײַ דער שיינער מכשפֿהטשקע אַן ערלויבעניש זי צו באַלייטן אַהיים. זי האָט מסכּים געווען אָהן שום קווײנקלעניש, אָבער פֿריהער האָט זי געוואָלט וויסן וויפֿיל איז דער זייגער און האָט מיך געבעטן, איך זאָל ווידער אַ קוועטש טון די ספּראָנג־ושינקע.

— צי איז ער טאַקע באמת אַ גאָלדענער ? — האָט זי מיך געפֿרעגט, באַטראַכטנדיג דעם זייגער מיט אַן אויסטערלישער אויפֿמערקזאַמקייט.

בעת מיר האָבן זיך געלאָזט גיין, איז שוין געווען שפּעטליך. דאָס רוב קראָמען זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, די גאַסן כּמעט פּוסט. מיר זײַנען אַריבערגעגאַנגען דעם בריק פֿון גוואַדאַלקוויווער, און בײַם סאַמע סוף פֿון דער פֿאָרשטאָט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ הויז, וואָס האָט כּלל ניט אויסגעזעהן ווי אַ פּאַלאַץ. אַ קינד האָט אונז געעפֿנט. די ציגײַנערקע האָט דעם געזאָגט

עטליכע ווערטער אויף אַ לשון, וואָס איז מיר געווען אומבאַקאַנט, דערנאָך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען דאָס אַזוי גערופענע „ראָממאַני" אָדער „שיפ־קאַללי", דער לשון פון די ציגיינערס. דאָס קינד איז באַלד נעלם געוואָרן, און מיר זיינען געבליבן אַליין אין אַ גרויסן צימער, וואו עס האָבן זיך געפונען אַ קליין טישל, צוויי ביינקלאַך און אַ קאַסטן; אַחוץ דעם, זיינען נאָך דאָרט געווען אַ קרוג מיט וואַסער, אַ הייפל אַפּעלסינעס און אַ בינטל ציבעלקעס.

ווי נאָר מיר זיינען געבליבן אַליין, האָט די ציגיינערקע אַרויסגענומען פונם קאַסטן אַ טאַש קאָרטן, מיט וועלכע זי האָט זיך, משמעות, ניט איינמאָל באַנוצט, אַ מאַגנעט, אַן אויסגעטריקנטן כאַמעלעאָן און נאָך אַ פּאָר אַנדערע חפצים, וועלכע זי האָט באַדאַרפט האָבן צו איר מלאכה. דערנאָך האָט זי מיר געהייסן מאַכן אַ צלם אויף מיין לינקער האַנט מיט אַ מטבע, און די כשוף־צערעמאָניעס האָבן זיך אָנגעהויבן. איך האַלט עס פאַר איבעריג אייך צו דערציילן אירע נביאות, און בנוגע צו דעם אופן פון איר וואָר־זאָגן איז געווען קלאָר, אַז זי האָט ניט געהערט צו די גרויסע מכשפות.

אָבער מעשה שטן האָט מען אונז געשטערט.

עס האָט זיך פּלוצלינג אָן עפן געטאָן די טיר מיט גרויס אימפּעט, און אין צימער איז אַריין אַ פאַרשוין איינגעוויקלט ביז די אויגן אין אַ ברוינעם מאַנטל. דער ציגיינערקע האָט ער געמאַכט אַ מי שבירך גאָר ניט אויף אַן איידלען אופן. וואָס ער האָט געזאָגט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אָבער לויט דעם טאָן פון זיין

שטים האָב איך דערקענט, אַז ער איז שטאַרק אומצו־
פרידן. דערזעהענדיג אים, האָט די ציגיינערקע ניט
אַרויסגעוויזן ניט קיין כעס און ניט קיין פאַרוואונדע־
רונג, נאָר זי איז אים געלאָפן אַנטקעגן און האָט אים
עפּעס געזאָגט אויף יענעם סודות־פּולן־לשון, מיט וועלכן
זי האָט זיך שוין פריהער באַנוצט. דערבּיי האָט זי
גערעדט אַזוי געשווינד, אַז דאָס צינגל האָט זיך בּאַ איר
גערדרייט ווי אַ מילעכל. דאָס איינציגע, וואָס איך האָב
פאַרשטאַנען, איז געווען דאָס וואָרט „פּאַיללאָ", וואָס
איז איבּערגעזאָגט געוואָרן עטליכע מאָל. איך האָב
געוואוסט, אַז בּאַ די ציגיינערס איז „פּאַיללאָ" אַ פרעמדער
מענש, ווער ס'געהערט ניט צו זייער משפּחה. היות ווי
איך האָב משער געווען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן מיר,
האָב איך זיך געריכט אויף אַן אָנצוהערעניש מכּח אַ גאָר
ניט גלאַטינגן ענין; איך האָב שוין געלעגט די האַנט
אויף דעם פּיסל פון אַ בּיינקל און האָב נאָר אויסגערעכנט
די רגע, ווען מען וועט עס דאַרפן וואַרפן דעם פאַרשווין
אין קאָפּ אַריין. דער פאַרשווין אָבער האָט אַ שטויס
געטאָן די ציגיינערקע און איז צוגעגאַנגען צו מיר. דער־
נאָך איז ער אָפּגעטראָטן צוריק.

— אַ, דאָס זייט איר, מיין הער!

איך גיב אויף אים אַ קוק און דערקען מיין אַלטן
בּאַקאַנטן דאָן זשאָזע. אין יענער מינוט האָב איך אַבּיסל
חרטה געהאַט, וואָס איך האָב אים געראַטעוועט פון דער
תּליה.

— אַ, דאָס זייט איר, מיין געטרייער, האָב איך אויס־
גערופן מיט אַ געלעכטערל.

געלאַכט האָב איך מיט יאַשטשערקעס, אָבער איך האָב זיך געסטאַרעט מיט אַלע כּחות, מען זאָל עס ניט אַרויסזעהן.

— איר האָט — זאָג איך אים — געשטערט דער פרײלין גראָר אין יענער מינוט, בעת זי האָט מיר אָנגעזאָגט זעהר אינטערעסאַנטע זאַכן.

— תּמיד די אײגענע! אָבער דאָס װעט נעמען אַ סוף, האָט ער אַרױסגערערט צװישן די צײן, אָנשטעלנדיג אויף איר בייזע און װילדע אויגן.

די ציגײנערקע אָבער האָט זיך װײטער גערערט אויף איר לשון. בּיסלעכװײז איז זי אַרײנגעפאַלן אין התלהבות. אירע אויגן זײנען אָנגעלאָפן מיט בלוט און געװאָרן שרעקליך. די שטריכן פון איר געזיכט האָבן זיך צונויפגעצויגן, זי האָט אָנגעהױבן צו טופּען מיט די פיס. װי עס װײזט אויס, האָט זי אים געטריבן צו טון עפּעס אַזוינס, װאָס ער האָט ניט געקאָנט בּאַ זיך פּועלן... פאַר מיר איז עס כּלל ניט געװען שװער צו פאַרשטײן, װאָס דאָס איז, װאָרום זי האָט עטליכע מאָל אַ פיר געטאָן מיט איר הענטל אַרום האַלז. איך בּין נוטה געװען צו גלױבן, אַז דאָס רערט זיך װעגן אַ האַלז, װעלכן מען דאַרף אָפּשנײדן, און איך האָב משער געװען, אַז דאָס מײנט מען טאַקע מײן האַלז.

אויף דעם גאַנצן מבּול פון איר בּאַרײרעװדיגקײט האָט דאָן זשאָזע געענטפערט סך הכּל מיט צװײ, דרײ װערטער אין אַ האַרבן טאָן. די ציגײנערקע האָט אויף אים דאָן אַ װאָרף געטאָן אַ קוק פול מיט שטאַרקן בּטול. דערנאָך האָט זי זיך אַװעקגעזעצט אין אַ װינקל פונם

צימער אויפן טערקישן שטייגער, האָט אויסגעקליבן אַן אַפּעלסין, האָט אים אָפּגעשיילט און זיך גענומען עסן.
ראָן ושאָזע האָט מיך אָנגענומען בּאַם אָרעם, האָט אויפגעעפנט די טיר און האָט מיך אַרויסגעפירט אויפן גאַס. מיר זיינען אָפּגעגאַנגען בּיז אַ צוויי הונדערט טריט, ניט אויסרײדנדיק מיט אַנאַנד קיין איינציק וואָרט. דערנאָך האָט ער מיר אויסגעשטרעקט די האַנט.
— גייט גלייך, האָט ער מיר געזאָגט, און איר וועט געפינען דעם בּריק.
און תּוך כּדי דבּור האָט ער זיך אומגעקערט צו מיר מיטן רוקן און איז געשווינד אַוועק. איך בּין צוריקגעקו־מען אין מיין אכסניה אַבּיסל צעטראָגן און אין אַ שלעכ־טער שטימונג. ראַרף זיך נאָך צו די צרות טרעפן, אַז איך בּאַמערק בּאַם אויסטון זיך, אַז מיין זייגער איז פאַרפאַלן געוואָרן.
צוליבּ פאַרשיידענע טעמים בּין איך אויף מאָרגן ניט געגאַנגען אים פאָרערן בּעטן דעם סוריאַ פונם ראָרף, ער זאָל מאַכן אויספאָרשונגען וועגן דעם. איך האָבּ פאַרענדיגט מיין אַרבּעט איבּער דעם כּתבֿ־יד פון די דאָמיניקאַנער און בּין אָפּגעפאָרן קיין סעווילאַ. נאָך עטליכע וואָכן וואָגלעניש אין די אַנדאַלוזישע מקומות, האָבּ איך זיך געוואָלט אומקערן קיין מאַדריד און איך האָבּ געדאַרפט דורכפאָרן קאָרדאָוואַ. איך האָבּ ניט געהאַט בּרעה דאָרטן לאַנג צו פאַרבּלייבּן, וואָרום די ראָזיגע שיינע שטאָט מיט אירע וואַסער־מיידלאַך פון גוואַדאַלקוויוויר איז מיר נמאס געוואָרן. אָבּער איך האָבּ זיך געדאַרפט זעהן מיט אַ פּאָר בּאַקאַנטע, אָפּטון

עטליכע שליחותן און איך האָב געמוזט צוליב דעם פאַרברייננגען אַ טאָג דריי אָדער פיר אין דער ראָזיגער אַלטער הויפּט־שטאָט פון מאַהאָמעדאַנישע קיניגן.

ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אינם דאָמיניקאַנישן מאָנאַסטיר, ווי איינער פון די מאָנאַכן, וואָס פלעגט זיך אַלע מאָל אינטערעסירן מיט מיינע אויספאָרשונגען, האָט מיך באַגעגנט מלא שמחה און האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

— געלויבט און געדאַנקט איז השם יתברך! שלום עליכם אייך, מיין ליבער פריינט! מיר האָבן שוין אַלע געהאַלטן, אַז איר זייט אויף דעם עולם האמת, און איך גופא האָב שוין געמאַכט פאַר אייך אַן אל מלא רחמים. מילא, קיין חרטה האָב איך ניט דערויף. נו, וואָס הערט זיך עפּעס, געהרגעט האָט מען אייך ניט, דאָס זעה איך שוין, אָבער באַגנבעט האָט מען אייך, דאָס ווייסן מיר אַלע.

— ווי אַזוי. אַרום? — האָב איך געפרעגט אַביסל פאַרחידושט.

— נו, איר ווייסט דאָך מן הסתם; דער שיינער זייגער, וועלכן איר פלעגט אָנציהען, כּדי ער זאָל קלינגען, בעת מען האָט געראַפּט צומאַכן די ביבליאָטעק. דעם ראָזינגן זייגער האָט מען געפונען, און איר וועט אים באַקומען צוריק.

— דאָס הייסט, האָב איך איבערגעשלאָגן אַביסל צע־מישט, איך האָב אים ערגעץ וואו אַוועקגעלעגט און פאַרגעסן...

— דער גנב זיצט. מיר זיינען אַלע געווען אין איין ציטערניש פאַר אייער לעבן, וואָרום מיר האָבן געוואוסט, אַז איר האָט געהאַט צו טון מיט אַ חברה־מאַן, וואָס איז גרייט צו הרגענען אַ מענשן צוליב אַ פעזועטאַ *). איך וועל מיט אייך גיין צום סוריאַ, כּדי מען זאָל אייך אָפּגעבן אייער זייגער. גיט זיי ראָרטן אַ גאָב און זאָגט זיי, אַז דער סוד אין שפּאַניע פאַרשטייט ניט זיין עסק. נישקשה, איר האָט ניט וואָס מורא צו האָבן.

איך בין זיך מורה, אַז מיר וואָלט ניחא געווען צו פאַרלירן דעם זייגער, איידער זיין דורך מיין עדות די סבּה דערפון, וואָס מען וועט אויפהייגנגען אַן אומגליקליכן. באַזונדערס, מחמת... מחמת...

— אָ, האָט קיין צער נישט, ער האָט אַחוץ דעם גוטע רעקאָמענדאַציעס, און צוויי מאָל הייגנגען קאָן מען נישט. אַגב, איז נישט ריכטיג, ווען איך זאָג הייגנגען. אייער גנב געהערט צו די מיוחסדיגע משפּחות, און מען וועט אים גאַרראָטירן **). אַ גנבה מער, אַ גנבה ווייניגער — דאָס קאָן נישט האָבן קיין שום השפּעה אויף דעם פּסק־דין. הלואי וואָלט ער נאָר געגנבעט! ער האָט אָבער אָפּגעטאָן אַקטן, רציחות, וואָס איינע איז שרעקליכער פאַר דער אַנדערער.

— ווי הייסט ער?

— ער איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען זשאָזע נאַוואַררא, אָבער ער האָט נאָך אַן אַנדערן באַסקאַישן

*) אַ שפּאַנישע מטבע.

**) גאַרראָטירן איז אייגנטליך דערווערגן. איבּם יאָר 1830 האָט נאָר די אַריסטאָקראַטיע געהאַט רעכט אויף אַזאַ מיתה.

נאָמען, וואָס נישט איך און נישט איר וועלן עס קאָנען אַרויסריידן. וואַרט זשע צו אַביסל, דאָס איז אַזאַ מענש, וועמען עס לוינט צו זעהן. איר האָט דאָך חשק זיך צו באַקענען מיט די אויסטערלישע פּרטים פון איטליכער מרינה, טאָ טאָרט איר ניט דורכלאָזן אַזאַ חשובן מאָמענט, ווי אַ מיתת־בית־דין פון אַ באַנדיט אין שפּאַניע. ער געפינט זיך איצט אינם קליינעם קלויסטער, און מאַרטינע וועט מיט אייך גיין אַהינצו.

איך בין געגאַנגען צום אַרעסטאַנט און האָב מיטגענומען אַ פּעקל ציגאַרן, איך האָב געהאָפט דורך דעם צו פאַרגלעטן מיין ניט פאַסנדיגן באַזוך. מען האָט מיך אַריינגעפירט צו דאָן זשאָזע. ער האָט גראָד געגעסן מיטאָג. ער האָט מיר אַ נויג געטאָן מיטן קאָפּ גאַנץ קאַלטליך און האָט מיר פיין געדאַנקט פאַר דער מתנה, וואָס איך האָב אים געבראַכט. ער האָט איבערגעציילט די ציגאַרן, זיך אויסגעקליבן דערפון אַ געוויסן סכום און האָט מיר די איבעריגע צוריקגענעבן, באַמערקנדיג, אַז ער נויטיגט זיך ניט אין מער. איך האָב אים געפרעגט, צי איך וועל אים אפשר קאָנען העלפן מיט אַביסל געלט אָדער דורך מיינע פריינט, וועלכע האָבן אַ גרויסע דעה אין אַזוינע ענינים. ער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און טרויעריג צוגעשמייכלט, דערנאָך האָט ער אַ קלער געטאָן און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל באַשטעלן אַן אל מלא רחמים פאַר זיין נשמה.

— צי וואָלט איר גרייט געווען, האָט ער מוסיף געווען מיט אַ ניט זיכערן טאָן, צי וואָלט איר זיך אָנ־

גענומען באַשטעלן אַן אל מלא רחמים פאַר אַן אַנדערן מענשן, וועלכער האָט אייך באַליידיגט?

— בוראי, האָב איך געענטפערט, אָבער אויף וויפיל איך געדיינק, האָט מיך דאָ קיינער ניט באַליידיגט.

ער האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און האָט זי אַ דריק געטאָן מיט אַן ערנסטער מינע. אויף אַ רגע איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, דערנאָך האָט ער מיר געזאָגט:

— צי קאָן איך אייך בעטן, איר זאָלט מיר טון אַ טובה? ווען איר וועט פאָרן צוריק צו זיך אַהיים, וועט איר אפשר דורכפאָרן דורך נאַוואַרראָ, לכל הפּחות וועט איר דורכפאָרן דורך וויטטאָריאַ, וואָס איז ניט ווייט פון דאָרטן.

— איך וועל געווים דורכפאָרן דורך וויטטאָריאַ, אָבער עס קאָן זעהר געמאָלט זיין, אַז איך וועל אַ פאָר טון קיין פּאַמפּלין, הגם זי ליגט אָן אַ זייט; צוליב אייך וועל איך עס אָבער טון מיט פאַרגעניגן.

— נו, אויף אַזאַ אופן וועט איר זעהן אַ סך אינ־טערעסאַנטע זאַכן... דאָס איז אַ שיינע שטאָט. איך גיב אייך דעם דאָזיגן מעדאַליאָן (ער האָט מיר געוויזן אַ זילבערנעם מעדאַליאָן, וואָס איז בײַ אים געהאַנגען אויפן האַלז), וויקלט אים איין אין אַ שטיקל פּאַפּיר... ער איז געבליבן שטיין אויף אַ רגע, ווייל ער האָט געקעמפט מיט זיינע געפילן — ... און איר וועט עס איבערגעבן אָדער עמיצן בעטן איבערגעבן אַ גוטער פרוי. אָט איז איר אַדרעס. איר וועט איר זאָגן, אַז איך בין שוין גע־

שטאָרבן, אָבער איר זאָלט ניט דערציילן אויף וואָס פאַר אַ אופן איך בין געשטאָרבן.

איך האָב אים צוגעזאָגט צו דערפילן זיין שליחות. אויף מאָרגן האָב איך אים ווידער געזעהן. איך האָב פאַרבראַכט מיט אים אַ טייל פונם טאָג. פון זיין מויל האָב איך דאָס געהערט די געשיכטע פון די טרויעריגע געשעהענישן, וועלכע ווערן באַשריבן אין דעם ווייטערדיגן קאַפּיטל.

## III

געבוירן בין איך, דערציילט ער מיר, אין עליצאָנדראָ, אינם טאָל פון באַצטאַן, און הייסן הייס איך דאָן זשאָזע ליצאַראַבענגאָאַ. איר זייט אויף אַזוי פיל באַהאַוונט אין דער שפּאַנישער מדינה, אַז איר וועט שוין מן הסתם פון מיין נאָמען אַליין וויסן, אַז איך בין אַ ביסקאַיער און געהער צו די אַלטע קריסטן. אויב איך רוף זיך דאָן זשאָזע און ניט פּשוט זשאָזע, איז דאָס דערפאַר, ווייל דאָס קומט מיר, און אַז איך וואָלט געווען אין עליצאָנדראָ, וואָלט איך אייך געוויזן מיין מגילת היוחסין אויף פּאַרמעט. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל ווערן אַ גלח, און איך האָב שוין טאַקע אָנגעהויבן צו לערנען אַלץ, וואָס מען דאַרף דערצו, אָבער איך האָב אין מיינע למודים קיין גרויסע פּעולה ניט געהאַט. איך האָב האָלט געהאַט צו שפּילן אין פּילקעס *), און דאָס איז געווען מיין אומגליק. אַז מיר נאַוואַררער שפּילן אין פּילקעס, פאַרגעסן מיר אָן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום אונז. איינמאָל האָב איך געוואונען אין שפּיל, און אַ בחור פון אַלאַווע האָט זיך אָנגעהויבן צו טשעפּען צו מיר ; מיר האָבן זיך געכאַפּט פאַר אונזערע מאַ־

*) אַ מין אַזאַרטנע שפּיל אין שפּאַניע און ביסקאַיע.

קילאָס*), און איך בין אויך ראָס מאָל אַרויס מיט אַ נצחון. אָבער איך האָב געמוזט פאַרלאָזן ראָס לאַנר. איך האָב אָנגעטראָפן אויפן וועג דראַגונער און האָב זיך פאַרשריבן אין רעם אַלמאַנצער פאָלק. די תושבים פון אונזערע בערג לערנען זיך ניך אויס די זעלנערישע מלאָכה. איך בין באַלד געוואָרן דער אָנפירער פון אַ גרופע סאָלדאַטן, און מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל אינגיכן ווערן אַן אונטעראָפיצער; ראַרף זיך אָבער מעשה שטן טרעפן, אַז מען האָט מיך געשטעלט אויף דער וואַך באַ דער טאַבאַק־פאַבריק פון סעווילי אַ. אויב איר זייט געווען אין סעווילי אַ, האָט איר ראָך מן הסתם געזעהן יענץ גרויס געבוי, וואָס געפינט זיך הינטערן שטאָט, ניט ווייט פונם טייך גוואַדאַלקוויווּיר. איך זעה נאָך איצטער פאַר מיר רעם טויער מיט רער בורקע. אַ שפּאַניער, אַז ער זיצט אין בורקע, כּדי צו באַוואַכן די פאַבריק, שפּילט ער אין קאָרטן אָדער ער שלאָפט. איך אָבער, פאַרשטייט איר מיך, בין אַ נאַוואַר־רער, איך האָב געזוכט עפּעס צו טון און אויסצונוצן די צייט. איך האָב מיר געמאַכט אַ קייטל פון אַ מעשענעם דראָט פאַר רעם שטיפטל פון מיינע פּאַטראָנען. פּלוצים הער איך, ווי מיינע חברים זאָגן: „אָט האָט שוין אַ קלונג געטאָן רער גלאָק, די מיידלאַך וועלן באַלד ווידער אַריין אין פאַבריק". איר ווייסט ראָך, בוראַי, אַז אין פאַבריק אַרבעטן באַ פיר אָדער זעקס הונדערט ווייבער. זיי דרייען די ציגאַרן אין רער גרויסער שטוב, וואו קיין מאַנסבּלען טאָרן ניט אַריינ־

*) מאַקילא — א שטעקן, באשלאָגן מיט אייזן.

קומען אָהן דער ערלויבעניש פון דער פאַבריק־אַדמיני־
סטראַציע, ווייל די ווייבער, באַזונדערס די יונגע, טוען
זיך כמעט אויס, בעת עס ווערט הייס. ווען די אַרבע־
טאָרינס גייען נאָך מיטאָג צוריק אין פאַבריק אַריין, שטייט
שוין אַ גאַנצע מחנה יונגע לייט באַם טויער און פאַר־
דרייען זיי דעם קאָפּ. עס זיינען פאַראַן ווייניג מיידלאַך,
וואָס זאָגן זיך אָפּ פון אַ טאַפּטענעם קאָפּטיכל, און
בעלנים אויף פיש־כאַפּן דאַרפן דאָ קיין סך ניט האָרע־
ווען; זיי דאַרפן זיך נאָר אַביסל איינבויגן, כדי צו האָבן
דאָס פישל אין די הענט. בעת די אַנדערע האָבן געקוקט,
בין איך געזעסן אויף דער באַנק נעבן טויער. איך בין
דאַן געווען יונג: איך האָב תמיד געחלומט וועגן מיין
היים, און האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז
עס זיינען דאָ שיינע מיידלאַך אויף דער וועלט, וואָס
גייען ניט אָנגעטאָן אין בלויע קליידלאַך און וואָס די צעפּ
באָמבלען זיך ניט באַ זיי איבער די פלייצעס*). אגב
האָב איך עפּעס מורא געהאַט פאַר די אַנדאַלוזיערקעס;
איך בין ניט געווינט געווען צו זייערע גיינג: תמיד
מאַכן זיי חווק, קיינמאָל זאָגן זיי ניט אַ וואָרט צו דער
זאַך. איך האָב זיך אויף אַזאַ אופן אַלץ געעסקט מיט
מיין קייטל, ווי איך הער מיט אַמאָל די בעלי־בתּים
זאָגן: „אָט איז די ציגיינערקע“! איך הויב אויף די
אויגן און דערזעה זי. דאָס איז געווען אַ פרייטאָג, און
איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך האָב פאַר מיר
דערזעהן די זעלביגע קאַרמען, וועלכע איר קענט, און באַ
וועמען איך האָב אייך געטראָפן מיט עטליכע חדשים צוריק.

*) נאַציאָנאַלער קאָסטיום באַ די ביסקאַיער פוירטעס.

אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ רויט קורצינק קליידל, פון וואַנען עס האָבן זיך אַרויסגעזעהן ווייסע זיידענע זאָקן מיט אַ פּאָר לעכער און פּיטשינקע שיכעלאַך פון רויט לעדער מיט פייער־רויטע בענדלאַך. דאָס קאָפּטיכל האָט זי אָפּגערוקט אָן אַ זייט, כּדי צו ווייזן אירע פּלייצעס און דעם בוקעט פון קאַסיעס*), וואָס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פון איר העמד. אַחוץ דעם בוקעט, האָט נאָך געשטעקט אַ בלום פון דעם אייגענעם מין אינם ווינקל פון איר מויל. זי איז געגאַנגען און האָט זיך געוויגט אין אירע היפטן, ווי אַ גוטער זשערעבטשיק פון דעם באַוואוסטן קאָר־ראָווער שטאַל. ווען מען וואָלט באַ אונז דערזעהן אַ פרוי אין אַזאַ קאָסטיום, וואָלט מען זיך בוראי איבער־געצלמט, אין סעוויליאַ אָבער האָט איר איטליכער געמאַכט אַ קנאַקעדיגן קאָמפּלימענט. זי האָט איטליכן אָפּגעענטפערט, קוקנדיג פון דער זייט, די הענט אין די באָקעס מיט דער חוצפּה פון אַן אמתער ציגיינערקע, וואָרום דאָס איז זי דאָך געווען. תּחילת איז זי מיר כּלל ניט געפעלן געוואָרן, און איך האָב מיך ווידער גענו־מען צו מיין אַרבעט; זי אָבער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיר און האָט מיט מיר אָנגעהויבן צו ריידן, וואָרום אַזאַ טבע האָבן שוין ווייבער און קעץ, אַז זיי קומען ניט, ווען מען רופט זיי; און קומען, ווען מען רופט זיי ניט.

— פעטער, זאָגט זי מיר אויפן אַנדאַלווישן שטייגער, וועסט מיר אפשר געבן דיין קייטל פאַר די שליסלאַך פון מיין טשעמאָדאַן?

— דאָס קייטל דאַרף איך האָבן פאַר מיין שטיפטל

*) אַזעלכע בלומען.

— ריין שטיפטל! — האָט זי זיך צעלאַכט, — איר מאַכט מן הסתם קרייזעלאַך, וואָס איר באַראַרפט שפּילקעס! *).

אַלע האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן; איך אָבער האָב געפילט, אַז איך בין רויט געוואָרן פאַר חרפה. איך בין געבליבן אָהן לשון און ניט געפונען קיין איינציג וואָרט, וואָס איך זאָל איר קאָנען ענטפערן.

— זעה ושע, האַרץ מיינס, אַרבעט מיר אויס זיבן איילן שוואַרצע קרייזלאַך פאַר מיין קאָפּטיכל, דו שפּילקעס־מאַכער פון מיין נשמה!

און אַרויסנעמענדיג די בלום פון איר מויל, האָט זי מיר עס מיט אַ קליינער באַוועגונג פון אירע פינגער אַ וואָרף געטאָן גלייך צווישן די אויגן. איך זאָג אייך, ליבער הער, אַז דאָס איז פאַר מיר געווען, אַזוי ווי אַ קויל וואָלט מיך געטראָפן. איך האָב ניט געוואוסט, וואו אַהינצוטון זיך און בין געבליבן אויפן אָרט ווי אַ שטיק האָלץ. אַז זי איז שוין אַריינגעגאַנגען אין דער פאַבריק, האָב איך דערזעהן די בלום ליגן אויף דער ערד צווישן מיינע פיס. עס האָט מיך עפּעס אַ שטויס געגעבן, און איך האָב זי אויפגעהויבן. מיינע חברים האָבן עס ניט באַמערקט. איך האָב די בלום אַריינגעשטעקט אין מיין וועסטל ווי אַ טייערן חפץ. דאָס איז געווען די ערשטע נאַרישקייט!

אין משך פון צוויי אָדער דריי שעה האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן איר. פּלוצים קומט צו לויפן אַ סטאָראָזש

*) אַ שפּיל פון ווערטער: שטיפטל און שפּילקע ווערן אָנגערופן מיט דעמזעלביגן וואָרט.

כמעט אָהן אַן אָטעם און רערצײלט, אַז אין רעם גרויסן זאַל פון די ציגאַרנמאַכערקעס האָט מען אָקאָרשט ערשט געהרגעט אַ פרוי, און אַז מען מוז אַהינצו שיקן סאָלדאַטן. דער אונטעראָפיצער האָט מיר געהייסן מיטנעמען מיט זיך אַ פּאָר מאַן סאָלדאַטן און גײן זעהן, וואָס עס טוט זיך דאָרט. איך נעם מײנע צװײ פאַרשװינגען און איך גײ אַרויף. שטעלט אײך פאָר, אַז אַרײנגײענדיג אין דעם זאַל, דערזעה איך קודם כל באַ אַ דרײ הונדערט װײבער אין בלויזע העמדער אָדער כמעט װי אין בלויזע העמדער, און אַלע מאַכן זײ מיט די הענט, קװיטשען, שרײען, פילדערן און לאַרימען אַזױ, אַז װען אין יענער מינוט װאָלט די גאַנצע װעלט אײנגעפאַלן, װאָלט מען עס ניט געהערט. אינם זאַל איז אין דער זײט געלעגן אַ פרוי מיט אויסגעצװיגענע הענט און פיס, באַגאָסן מיט בלוט, אויפן געזיכט צװײ שניט מיט אַ מעסער, װי אַ X. אַנטקעגן דער פאַרװאונדעטער, װעלכע האָט באַ־קומען די ערשטע הילף פון עטליכע װײבער, די בעסערע פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע, איז געשטאַנען קאַרמען צװישן פינף אָדער זעקס יענטעס, װעלכע האָבן זי גע־האַלטן פאַר די הענט. די פאַרװאונדעטע פרוי האָט געשריען: „דעם גלח אַהערצו! . װרוי זאָגן! איך שטאַרב אַװעק!"... „װאָס איז דאָ געשען אַזוינס?", האָב איך געפרעגט. עס איז מיר געװען זעהר שװער צו דערגײן, װאָס דאָ האָט פאַסירט, װאָרום די אַרבעטערינס האָבן גערערט אַלע אויף אַמאָל. װי עס װײזט אויס, האָט די פאַרװאונדעטע פרוי זיך געהאַט באַרימט, אַז זי האָט גענוג געלט אין קעשענע, כדי צו קויפן אַן אײזל אויף

דעם טריאַנגער מאַרק. קאַרמען האָט דאָך אָבער אַ מענה לשון, רופט זי זיך אָפּ: „רוקא אַן אײזל װילט זיך די־ר, און אַ בעזים שטײט דיר ניט אָן? נישקשה, עס װעט זײַן גענוג אַ בעזים אויך". די אַנדערע, טיף באַלײדיגט, אפשר אויך רערפאַר, װאָס זי איז ניט געװען בטוח אין דעם, װאָס זי האָט געזאָגט, ענטפערט איר, אַז זי איז ניט קײן מבין אויף בעזימער, װײַל זי האָט נישט די זכיה צו זײַן אַ ציגײַנערקע אָדער אַ מחותנתטע מיטן שטן, נאָר אַז פרײַלין קאַרמענטשיטאַ װעט באַלד באַקאַנט װערן מיט איר אײזל, װאָרום דער סוריאַ װעט זי הײסן פירן אויף אַ שפּאַציר דורכן שטאָט מיט צװײ לאָקײען פון הינטן, כדי אַראָפּצוטרײַבן פון איר די פליגן. „נו, אויב אַזוי", זאָגט קאַרמען, „װעל איך אויף דײַן צורה מאַכן אַ רינע פאַר פליגן *) און אויסמאָלן דערויף אַ שאַך־ברעט". און תּוך כּדי דבור הויבט זי אָן מיט דעם אײגענעם מעסער, מיט װעלכן זי פלעגט אָפּשנײַדן די שפּיצן פון די ציגאַרן, צו צײכענען אויף דעם פּנים פון דער פרוי דעם צלם פון דעם הײליגן אַנדרעאוס.

פאַר מיר איז געװען קלאָר, װאָס איך האָב צו טון. איך האָב אָנגענומען קאַרמען פאַר דער האַנט. „שװעסטער מײַנע", זאָג איך איר גאַנץ װײך, „דו מוזט מיט מיר גײן". זי האָט אויף מיר אַ װאָרף געטאָן אַ קוק, אַזױ װי זי װאָלט מיך דערקענט, און געזאָגט מיט דער מינע פון אַ מענטשן, װאָס גיט זיך אונטער: „לאָמיר גײן, װאו איז מײַן קאָפּטיכל?" זי האָט דאָס טיכל אָנגעטאָן

*) אַן אויסדרוק פאַר אַ טיפער װאונד.

אַזוי, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָר איין אויג, און זי האָט זיך געלאָזט פירן פון מיינע ביידע סאָלראַטן שטיל ווי אַ שעפּס. בעת מיר זיינען אָנגעקומען אין אונזער בּודקע, האָט דער אונטעראָפיצער געזאָגט, אַז מען מוז זי אָפּפירן אין תּפיסה, ווייל דאָס איז גאָרניט קיין געלעכטער. און גראָד איך האָב זי געראַפּט אָפּ־פירן. איך האָב זי געלאָזט פירן צווישן צוויי דראַגונערס, און אַליין בין איך נאָכגעגאַנגען פון הינטן, ווי דער רין איז. תּחלת האָט די ציגיינערקע געשוויגן, אָבער אין דער שלאַנגענגאַס, — איר קענט זי דאָך, מן הסתּם, זי פאַררינט איר נאָמען צוליב אירע קנייטשן, — אין דער שלאַנגענגאַס הויבּט זי אָן אַראָפּצולאָזן דאָס קאָפּ־טיכל איבּער די פּלייצעס, כּדי צו ווייזן איר גנבהש, באַחנט פּנימל. זי גיט זיך אַ דריי צו מיר, אויף וויפיל זי האָט נאָר געקאָנט און זאָגט:

— הער אָפיצער, וואוהין פירט איר מיך?

— אין תּפיסה, מיין אומגליקליך קינד, האָב איך איר געענטפערט, אַריינלייגנדיג אין מיין שטים אַזוי פיל ווייכ־קייט, וויפיל איך האָב נאָר פאַרמאָגט, ווי אַ גוטער סאָל־ראַט דאַרף ריידן מיט אַן אַרעסטאַנט, בּפרט אַז דער אַרעסטאַנט איז אַ פרוי.

— אוי ווי איז מיר! וואָס וועט דאָס זיין מיט מיר? הער אָפיצער, האָט רחמנות. איר זייט דאָך אַזוי יונג, אַזוי פיין און איידל! — און דערנאָך אַביסל שטילער: — לאָזט מיך אַנטלויפן, זאָגט זי, איך וועל אייך געבּן אַ שטיקל פון „בּאַר לאַטש“, וואָס אַז איר וועט זיך דערמיט בּאַנוצן, וועלן אַלע ווייבּער פאַר אייך אַ כּפּרה ווערן.

„באַר לאַטש“ — דאָס איז אַ מאַגנעט. די ציגײַנערס זאָגן, אַז װער עס קאָן זיך מיט אים באַנוצן, דער קאָן פאַר־כּשופן אַ װעלט. רײַבט פון אים אָפּ אַביסל אײַזן־שטויב, שיט דאָס אַרײַן אין אַ גלאָז װײַסן װײַן און גיט עס אויס־טרינקען אַ פרוי, װעט זי זײַן אין אײַער רשות.

איך ענטפער איר גאַנץ ערנסט:

— דאָ איז ניט קײַן אָרט פאַר קאַטאָװעס; מען דאַרף גײן אין תּפיסה. איך האָב אַ באַפעל, און עס װעלן נישט העלפן קײַן טענות און מענות.

מיר ביסקאַיער האָבן שױן אַזאַ אױסשפּראַך, אַז איטאַליענער שפּאַניער קאָן אונדז תּיכּף דערקענען. דערפאַר אָבער איז ניטאָ קײַן אײנציגער שפּאַניער, װאָס זאָל קאָנען אַרױסרײדן baï, jaona *). פאַר קאַרמען איז אויף אַזאַ אופן גאָר נישט שװער געװען צו טרעפן, װער איך בין, און אַז איך קום פון די ביסקאַיִשע מקומות. איר װײסט דאָך בוראי, אַז די ציגײַנערס, װעלכע האָבן ערגעץ קײן היים ניט און זײַנען אומעטום נע ונד, רײדן אויף כּלערלײ לשונות. דאָס רוב פון זײ װאױנען אין פּאָרטוגאַל, פראַנקרײַך, ביסקאַיִע און קאַטאַלאָניִע — אומעטום, אַפילו מיט מאַװרעס און ענגלענדער קאָנען זײ זיך צונױפרײדן. קאַרמען האָט ביסקאַיִש גאַנץ גוט פאַרשטאַנען.

— Laguna ene bihotsarena, מײַן האַרציגער חבר, זאָגט זי מיר מיט אַמאָל, צי װײט איר ניט פון אונזערע מקומות?

*) יאָ, מײַן הער (אויף ביסקאַיִש).

אונזער שפּראַך איז אַזוי שיין, אַז מיר ווערן אַזש פאַרציטערט, ווען מיר הערן זי אין דער פרעמד... איך וואָלט געוואָלט אַ גלח פון דעם ביסקאַאישן קאַנט, האָט דער באַנדיט שטיל אַרויסגערעדט.

אַ ווײַלינקע האָט ער געשוויגן, דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— איך בין פון עליצאָנדראָ, האָב איך איר געענט־פערט אויף ביסקאַאיש. אירע ווערטער אויף מײַן מאַמע־לשון האָבן מיך שטאַרק צענומען.

— און איך, זאָגט זי, בין פון עטשאַלאַר (עטשאַלאַר ליגט פיר שעה וועג פון אונז). סעוויליער ציגײַנערס האָבן מיך אַמאָל געהאַט אַוועקגעפירט פון דאָרטן. איך האָב געאַרבעט אין דער פאַבריק, כּדי צו פאַרדינען אויף הוצאות, איך זאָל האָבן מיט וואָס צוריקצוקומען קיין נאַוואַרראָ, צו מײַן מאַמען נעבעך, וואָס איך בין איר איינציגע נחמה, און צו מײַן גערטענדל מיט די צוואַנציג עפּלבוימער ! אַ, ווען איך וואָלט שוין געווען באַ אונז אין דערהיים, באַ די בערג מיטן שניי ! מען האָט מיך דאָ באַליידיגט, ווייל איך בין ניט פון דער דאָזיגער מדינה פון זשוליקעס, פון קרעמער, וואָס האַנדלען מיט פוילע פּאָמעראַנצן. און די פּאַסקודעס האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן אויף מיר, ווייל איך האָב זיי געזאָגט, אַז אַלע זייערע סעוויליער פראַנטלאַך מיט זייערע מעסערס וועלן קיין שום רושם ניט מאַכן אויף אונזערן אַ בחור מיט זײַן היטעלע און זײַן שטעקן. חבר, פרײַנט, ניט שוין זשע וועט איר דאָס טאַקע גאָרנישט ניט טון פאַר אונזערן אַ מענטשן ?

אַלץ, וואָס זי האָט מיר געזאָגט, איז געווען שקר וכּזב. זי האָט אַלע מאָל געליגט. איך ווייס ניט, צי זי האָט ווען עס איז אין איר לעבן אַרויסגערעדט אַ וואָרט אמת, אָבער דאַמאָלט האָב איך אין אַלץ געגלויבט, וואָס זי האָט געזאָגט. עס איז געווען אין איר עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט גובר זיין. זי האָט גערעדט בּיסקאַאיש זעהר שלעכט, און איך האָב זי דאָך געהאַלטן פאַר אַ נאַוואַררערקע; אירע אויגן, איר מויל און די פאַרב פון איר געזיכט האָבן געזאָגט עדות דערויף, אַז זי איז אַ ציגיינערקע. איך בין געווען משוגע, איך האָב קיין זאַך ניט באַמערקט. אַז אַ שפּאַניער וואָלט זיך דערוועגן צו ריידן שלעכטס אויף מיין מרינה, וואָלט איך אים צעשניטן זיין געזיכט, פּונקט אַזוי ווי זי האָט געטאָן מיט איר חברטע. בקצור, איך בין געווען פאַרשכּורט; איך האָב אָנגעהויבן צו ריידן נאַרישקייטן און בין גרייט געווען צו טון נאַרישקייטן.

— אָט, אַז איך וועל אייך, אַשטייגער, אַ שטויס טון און איר וועט פאַלן, — האָט זי ווידער אָנגעהויבן אויף בּיסקאַאיש, — בין איך בּטוח, אַז די דאָזיגע צוויי קאַסטיליאַנער רעקרוטן וועלן מיט מיר גאָרנישט ניט מאַכן...

איך שווער אייך בּנאמנות, אַז איך האָב פאַרגעסן רעם באַפעל און אַלץ אין דער וועלט און האָב איר געזאָגט:

— גוט, מיין טייערע, גיט אַ פּרוב און זאָל אייך ר הייליגע מוטער פון די בּערג העלפן!

אין דער ראָזיגער רגע זײַנען מיר פאַרבײַגעגאַנגען פּאָר אײנע פון יענע שמאָלע געסלאַך, וואָס סעוויליאַ פאַרמאָגט אַזוי פיל. פּלוצים דרייט זיך קאַרמען אום און גיט מיר אַ זעץ אין ברוסט אַרײַן. איך בין מיט אַ כּיוון געפאַלן אויפן רוקן. מיט איין אײנציגן שפּרונג שפּרײזט זי איבער מיר אַריבער און נעמט זיך דאָס אַביסל לויפן, ווײַזנדיג אַ פּאָר פיס!... מען זאָגט ביסקאַישע פיס; פּאָר אירע פיס האָט מען געמעגט אַוועקגעבן אַ סך אַנדערע... אַזוי גיך זײַנען זיי געלאָפן און אַזוי געטאָקט זײַנען זיי געווען. איך בין באַלד ווידער אויפגעשטאַנען; אָבער איך שטרעק אויס מײַן פּיקע אין דער לײַנג, כּלומרשט צו פאַרצאַמען די גאַס, אַזוי אַז מײַנע חברים זײַנען אויף אַ רגע געבליבן שטיין און האָבן אויפגעהערט צו יאָגן זיך נאָך איר. דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו לויפן, און זיי הינטער מיר, אָבער דעריאָגן זי מיט אונזערע שפּאָרעס, אונזערע שווערדן און אונזערע פּיקעס — נעכטיגע טעג! גיכער, ווי איך דערצייל אײַך עס, איז זי שוין נעלם געוואָרן. אַחוץ דעם האָבן איר אַלע יענטעס פון דער גאַס געהאָלפן לויפן און האָבן נאָך חוזק געמאַכט פון אונז, אָנווייזנדיג פאַלשע ריכטונגען און וועגן. נאָך עטליכע גיינג און קענגן־ניינג *) האָבן מיר זיך געמוזט אומקערן צוריק אָהן דעם צעטל מיט דער חתימה פון דעם אויפזעהער פון דער תּפיסה.

כּדי צו באַפרײַען זיך פון שטראָף, האָבן די סאָלדאַטן געזאָגט, אַז קאַרמען האָט צו מיר גערעדט אויף ביס־קאַיש. דעם אמת זאָגנדיג, איז דאָס ניט געווען אַזוי

*) אַ מיליטערישער אויסדרוק.

נאַטירליך, אַז אַ ועץ פון אַ קליין מיידל זאָל קאָנען אַוועק־לייגן אַזאַ געזונטן יונג ווי איך. דאָס אַלץ איז געווען וועהר ניט גלאַטיג, אָדער אויב מען וויל, וועהר גלאַטיג. איך בין געוואָרן אויס נאַטשאַלניק און מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין תּפיסה. דאָס איז געווען די ערשטע שטראָף פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין דינסט. איך האָב זיך געמוטט געזעגענען מיט די עפּאָלעטן פון אַן אונטעראָפיצער, וואָס איך בין געווען בטוח, אַז איך וועל זיי קריגן.

די ערשטע טעג אין געפענגעניש האָב איך פאַר־בראַכט זעהר טרויעריג. בעת איך האָב זיך פאַרשריבן פאַר אַ סאָלדאַט, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל באַלד ווערן לכל הפּחות אַ אָפיצער... לאָנגאַ, מינאַ, פון איין מרינה מיט מיר, זיינען שוין געווען קאַפּיטאַנען ; טשאַפּאַלאַנגאַרראַ, וואָס איז געווען אַ נעגער ווי מינאַ און אַן אַנטלאָפענער רערצו, דער אייגע־נער טשאַפּאַלאַנגאַרראַ, מיט וועמענס ברודער איך האָב קליינערהייט געשפּילט אין פּילקעס, און איז געווען אַ קבצן ווי איך, איז שוין געוואָרן אַ פּאָלקאָווניק. איך האָב מיר געטראַכט, די גאַנצע צייט, וואָס דו האָסט געדינט אָהן שום שטראָף, איז אַרויסגעוואָרפן ; איצט האָסטו אַ פלעק אויף דיין נאָמען ; כּדי ווירער נושא חן צו זיין באַ דיינע נאַטשאַלניקעס, מוזטו צען מאָל אַזוי פיל אַרבעטן, ווי אין דער צייט, ווען דו ביסט געווען אַ רעקרוט. און צוליב וואָס האָב איך באַראַרפט נעמען אויף זיך די שטראָף ? צוליב אַ גנבטע, אַ ציגיינערקע, וואָס לאַכט זיך פון דיר אויס, לטחענט שוין ערגעץ

וואו אין שטאָט. און פונדעסטוועגן האָב איך אַלץ נעקלערט וועגן איר. איר וועט מיר גלויבן? אירע זיירענע זאָקן מיט די לעכער, וואָס זי האָט מיר געוויזן אין דער גאַנצער לייגג, אַנטלויפנדיג, זיינען מיר ניט אַרויס פון קאָפּ, און איך האָב זיי תּמיד געהאַט פאַר די אויגן. איך האָב אַרויסגעקוקט פון צווישן די גראַטעס אין גאַס אַריין. עס זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ סך ווייבער, אָבער צווישן זיי איז ניט געווען קיין איינציגע, וואָס זאָל זיך קאָנען גלייכן צו אָט דעם טייוולשן מיידל. און אַחוץ דעם, האָב איך נאָך געפילט דעם ריח פון דער קאַסיעס־בלום, וואָס זי האָט מיר אַ וואָרף געטאָן צווישן די אויגן; די בלום איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרטריקנט, אָבער זי האָט נאָך געשמעקט... אויב עס זיינען דאָ מכשפות אויף דער וועלט, איז דאָס דאָזיגע מיידל געווען איינע פון זיי!

איינמאָל קומט אַריין דער וועכטער און דערלאַנגט מיר אַן אַלקאַלער*) ברויטל.

— נאַט אייך, זאָגט ער מיר, דאָס שיקט אייך אייער שוועסטערקינד.

איך האָב זיך שטאַרק פאַרחרושט, וואָרום איך האָב ניט געהאַט קיין שוועסטערקינדער אין סעווילי. דאָס ברויטל אָבער האָב איך גענומען. עס איז אַ טעות, טראַכט איך מיר בשעת מעשה, אָבער עס איז געווען אַזאַ מחיה צו קוקן אויפן ברויטל, און עס האָט פון אים אַזוי געשמעקט, אַז איך האָב באַשלאָסן עס צו עסן, ניט ראַגהנענדיג וועגן דעם, פון וואַנען עס קומט און פאַר

*) אַלקאַלאַ — אַ פאָרשטאָט ניט ווייט פון סעווילי.

װעמען מען האָט עס געשיקט. איך האָב עס שוין אָנגעהויבן צו צעשניידן, ערשט מיין מעסער שטויסט זיך אָן אויף עפּעס האַרטס. איך קוק זיך איין און איך געפין אינעװייניג אַ קליינע ענגלישע פּייל, װאָס מען האָט אַריינגעשטעקט אין דעם טייג, איידער מען האָט עס אויסגעבאַקן. אַחוץ דעם, איז נאָך אינם ברויטל געװען אַ גילדערנע מטבע פון צװיי פּיאַסטער. עס איז פאַר מיר קלאָר געװען, אַז דאָס איז אַ מתנה פון קאַרמען. פאַר ציגיינערס איז די פרייהייט אַלץ. כּדי צו פאַרשפּאָרן אַ טאָג תּפיסה, זיינען זיי גרייט אונטער־צוצינדן אַ שטאָט. קיין נאַר איז זי אַפּנים ניט געװען. מיט אַזאַ ברויטל לאַכט מען זיך אויס פון אַלע תּפיסה־װעכטערס. מיט דעם פּיילעכל קאָן מען אין משך פון אַ שעה איבערזעגן די שװערסטע גראַטע, און מיט אַ מטבע פון צװיי פּיאַסטער קאָן מען באַם ערשטן טאַנ־דעטניק אויסבייטן דעם מונדיר אויף אַ פּשוטן בגד. און אַראָפּשפּרינגען פון אַ הייך פון לכל הפּחות דרייסיג פוס — איז דאָס פאַר אַ מענשן, װער ס'פלעגט קליי־נערהייט כּמה מאָל אַרויפקלעטרן אויף פעלזן, כּדי אַרויס־צונעמען קליינע אָדלערלאַך פון זייערע נעסטן, גאָרניט פון די שװערע זאַכן. נאָר אַנטלויפן האָב איך ניט געװאָלט; איך האָב נאָך אין זיך געהאַט דעם סאָלדאַ־טישן שטאַט, און אַנטלויפן איז באַ מיר געװען אַ פאַר־ברעך. אָבער דער ראָזיגער סימן, אַז מען קלערט װעגן מיר, האָט אין מיר אויפגעװעקט די בעסטע געפילן. װען מען זיצט אין תּפיסה, װילט זיך װיסן, אַז ערגעץ װאו איז דאָ אַ גוטער פריינט, װער ס'אינטערעסירט

זיך מיט דיר. די גאָלדענע מטבע איז מיר גראָר ניט געפעליג געווען, און איך וואָלט זי גרייליך געוואָלט אָפּגעגעבן צוריק — אָבער גיי זוך דעם בעל חוב! דאָס איז ניט געווען אַזוי גרינג.

נאָך דעם, ווי מען האָט פון מיר אַראָפּגענומען די בענדלאַך פון אַן אָנפירער, האָב איך געמיינט, אַז דער־מיט האָבן זיך געענדיגט פאַר מיר מיינע יסורים. אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט. עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ נייע סדרה פון בזיונות, וואָס איך האָב געמוזט אַראָפּשלינגען. אַז איך בין אַרויסגעקומען פון דער תּפיסה, האָט מען מיך געשטעלט אויף דער וואַך ווי אַ פּראָסטן סאָלדאַט. איר קאָנט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, וואָס דאָס באַטייט פאַר אַ מענטשן, וועלכער האַלט אַביסל פון זיך, און וואָס ער מוז דערביי פילן. אַז מען וואָלט מיך פירן צו דערשיסן, וואָלט מיר ניט געווען ערגער אויפן האַרצן. לכל הפּחות גייט מען אַליין און בראש פון דער ראָטע, מען פילט, אַז מען איז עפּעס; די מענטשן קוקן אויף אייך.

מען האָט מיך געשטעלט אויף דער וואַך באַ דער טיר פון דעם פּאָלקאָווניק. דאָס איז געווען אַ רייכער יונגערמאַן, בטבע אַ גוטער ברודער, וועלכער האָט האָלט געהאַט צו לעבן אַ גוטן טאָג. אַלע יונגע אָפיצערן זיינען באַ אים געווען צו גאַסט, און דערביי אויך אַ סך פּשוטע בעלי־בתּים, און אויך ווייבער, וועלכע, ווי מען האָט געזאָגט, זיינען אַקטריסעס. מיר האָט זיך בשעת מעשה אויסגערוכט, אַז די גאַנצע שטאָט איז עקסטרע געקומען קוקן אויף מיר. אָט קומט אָן די קאַרעטע פון

רעם פּאָלקאָווניק מיט אַ לאָקיי אויף דער קעלניע. און וועמען, מיינט איר, זעה איך אַראָפּגיין?... די ציגיי־נערקע. דאָס מאָל איז זי געווען אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג, אינגאַנצן באַהאַנגען מיט בענדלאַך און איינגעטונקט אין גאָלד — ממש ווי יענע קעסטעלאַך, אין וועלכע עס ליגן באַהאַלטן די רעשטלאַך פון די הייליגע. זי האָט געטראָגן אַ קלייד מיט גאָלד־פליטערלאַך, בלויע שיך, באַזעצט אויך מיט גאָלד־פליטערלאַך, בלומען און זילבערנע פּאַסקעס. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ ביסקאַאיש פּייקל. אינאיינעם מיט איר זיינען געווען נאָך צוויי ציגיינערקעס, איינע אַ יונגע און איינע אַן אַלטע. יונגע ציגיינערקעס ווערן תמיד באַלייט פון אַלטע; אַחוץ דעם איז נאָך געווען מיט זיי אַן אַלטער ציגיינער מיט אַ גיטאַרע, כּדי צו שפּילן און אַקאָמפּאַנירן זיי צום טאַנץ. איר ווייסט דאָך, אַז אויף בּעלער בריינגט מען אַראָפּ ציגיינערקעס, זיי זאָלן טאַנצן זייער נאַציאָנאַלן טאַנץ, דעם ראָמאַליס, און אויך צוליב אַנדערע זאַכן. קאַרמען האָט מיך דערקענט, און מיר האָבן אַ קוק געטאָן איינער אויף דעם אַנדערן. אין דער ראָזיגער רגע וואָלט איך געוואָלט זיין הונדערט איילן אונטער דער ערד.

— אגור לאַגונאַ *), זאָגט זי מיר, הער אָפיצער, דו שטייסט אויף דער וואַך, ווי אַ פּשוטער רעקרוט!

און איידער איך האָב צייט געהאַט איר צו ענטפערן אַ וואָרט, איז זי שוין געווען אינעווייניג אין שטוב. די גאַנצע געזעלשאַפט איז געווען אויפן הויף, און איך האָב דורך די גראַטעס געזעהן אַלץ, וואָס דאָרט טוט זיך,

*) גוט מאָרגן, חבר!

ניט קוקנדיג אויפן גרויסן עולם, וואָס האָט זיך פאַר־זאַמלט אַרום דעם הויז. איך האָב געהערט די קאַסטאַ־ניעטן, דעם פויק, די גלעקעלעכטערס און די בראַוואָ־פאַטשערייען; ווען ניט ווען פלעג איך אַרויסזעהן איר קאָפּ, בעת זי פלעגט שפּרינגען מיט איר פּייקל. דערנאָך האָב איך אויך געהערט, ווי די אָפיצערן האָבן איר נעזאָגט אַזוינע זאַכן, אַז איך בין רויט געוואָרן פאַר בושה. וואָס זי האָט געענטפערט, ווייס איך ניט. פון יענעם טאָג אָן האָב איך זי אָנגעהויבן האַלט צו האָבן, ווי עס געהער צו זיין, וואָרום פיר אָדער פינף מאָל האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט אַריינצוכאַפּן זיך אינם הויף און צו דערשטעכן מיט מיין שווערד אַלע די ראָזיגע פראַנטן, וואָס מאַכן איר קאָמפּלימענטן. אין משך פון אַ גאַנצער שעה האָב איך זיך אַזוי געמוטשעט. דערנאָך זיינען די ציגיינערס אַרויסגעגאַנגען, און די קאַרעטע האָט זיי ווידער אַוועקגעפירט. קאַרמען איז אויך פאַרבייגע־גאַנגען, און פאַרבייגייענדיג האָט זי אויף מיר אַ וואָרף געטאָן אַ קוק מיט יענע אויגן, וועלכע איר קענט שוין; זי האָט מיר אַ זאָג געטאָן שטילערהייט:

— ווער עס וויל עסן געבראָטענע פישלאַך, גייט קיין טריאַנאַ צו ליללאַס פאַסטיאַ.

און גרינג ווי אַ ציקעלע האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער קאַרעטע; דער קוטשער האָט אַ שמיץ געטאָן די מוילאייזלען, און די גאַנצע כאַליאַסטרע האָט זיך אַ לאָז געטאָן, וואוהין ווייס איך ניט.

איר קאָנט דאָך שוין פאַרשטיין, אַז ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון מיין וואַך, בין איך געפאָרן קיין טריאַנאַ.

אַפריהער אָבער האָב איך מיך אָפּגעגאָלט און אויס־געפּוצט אַזוי, ווי אין דעם טאָג פון אַ פּאַראַד. זי איז שוין געווען בײַ ליללאַס פּאַסטיאַ, אַ ציגײַנער, שוואַרץ ווי אַ מאַוור, וועלכער האָט פאַרקויפט געבראָטענע פיש. אַ סך בעלי־בתּים פלעגן קומען צו אים עסן פיש; איך מײן, אַז דאָס איז געווען צוליב קאַרמען, וואָס איז בײַ אים אײַנגעשטאַנען.

— ליללאַס, גיט זי אַ זאָג, דערזעהענדיג מיך, הײַנט טו איך גאָרנישט נישט. מאָרגן איז אויך אַ טאָג! קום, לאָמיר גײן שפּאַצירן.

זי האָט אָנגעטאָן איר קאָפּטיכל, און מיר זײַנען אַרויס אויפן גאַס. וואוהין מיר גײען, האָבן מיר ניט געוואוסט.

— פרײלין, זאָג איך איר, מיר רוכט זיך, אַז אײַך קומט אַ דאַנק פאַר דער מתּנה, וואָס איר האָט מיר געשיקט, בעת איך בין געזעסן אין תּפיסה. דאָס ברויטל האָב איך אויפגעגעסן, מיט דעם פײלעכל וועל איך אָנשאַרפן מײַן פּיקע, און איך האַלט עס אַלס אַן אָנ־דײנקען פון אײַך. אָבער דאָס געלט — נאַט אײַך צוריק.

— וואָס זאָגט מען צו אים! ער האָט געהאַלטן בײַ זיך דאָס געלט, האָט זי זיך צעלאַכט אויפן קול, נו מילא, אפשר איז דאָס בעסער, וואָרום עס פעלן מיר טאַקע אויס די ממתּקים. אָבער אויך אַ דאגה! אַ הונט, וואָס לויפט אַרום, שטאַרבט ניט פאַר הונגער*). קום, מיר וועלן אַלץ פאַרהוליען, אויף דײַן חשבון.

מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט גײן אין דער ריכטונג פון סעווילִיאַ. אַרײַנקומענדיג אין דער שלאַנגענגאַס, האָט

*) אַ ציגײַנערש ווערטל.

זי געקויפט אַ טוץ פּאָמעראַנצן, וועלכע זי האָט אַריינ־
געלעגט אין מיין פּאַטשיילקע. אַביסל ווייטער האָט זי
געקויפט אַ ברויט, וואורשט און אַ פלעשל מאַצאַניליאַ *).
דערנאָך איז זי אַריין אין אַ קאָנדיטאָריי. זי האָט
אַ שליידער געטאָן אויפן טישל די גאָלדענע מטבע, וואָס
איך האָב איר געגעבן, און נאָך אַ מטבע, וואָס איך
האָב געהאַט אין קעשענע, און נאָך דערצו אַביסל
זילבער. צום סוף האָט זי באַ מיר צוגענומען אַלץ, וואָס
איך האָב פאַרמאָגט. געבליבן איז באַ מיר אַ קליינע
מטבע פון עטליכע קוואַרטאָס **), וואָס איך האָב איר
אַוועקגעגעבן, שטאַרק פאַרשעמט, ווייל איך האָב מער ניט
געהאַט. איך האָב געמיינט, אַז זי וויל אָפּקויפן די גאַנצע
קראָם. זי האָט אויסגעקליבן דאָס שענסטע און דאָס
בעסטע, פאַרצוקערטע געלכלאַך, נוגאַטס אויף אַזוי
פיל, אויף וויפיל דאָס געלט האָט נאָר געקלעקט. דאָס
אַלץ האָב איך געראַרפט טראָגן אין פּאַפּירענע בייטעלאַך.
איר קענט דאָך מן הסתם די קאָנדילערזשער גאַס מיט
דעם ביוסט פון דאָן פּעדראָ דעם בעל־יושר. אייגנטליך
האָט מיך די גאַס באַראַרפט אַרויפפירן אויף פאַרשיידענע
געראַנקען. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַן אַלט
הויז. זי איז אַריינגעגאַנגען אינם קאָרידאָר און האָט
אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר אין דעם אונטערשטן שטאָק. אונז
האָט געעפנט אַ ציגיינערקע, אַן אמתע מכשפה. קאַרמען
האָט איר עפּעס געזאָגט אויף ציגיינערש לשון. די אַלטע
האָט עפּעס אַ ברום געטאָן אונטער דער נאָז, אָבער

---

*) אַזאַ ווײַן.

**) שפּאַניש קליינגעלט.

קאַרמען האָט איר געגעבן צוויי פּאָמעראַנצן און אַ הויפן צוקערקעס, און האָט איר אויך ערלויבט צו פאַרזוכן פון דעם ווייַן. דערנאָך האָט זי איר אַרויפגעוואָרפן דעם מאַנטל אויף איר רוקן און האָט זי צוגעפירט צו דער טיר, וואָס פירט אין גאַס אַרויס. זי האָט פאַרמאַכט די טיר אויף אַ הילצערן ריגל. ווי נאָר מיר זיינען געבליבן אַליין אין שטוב, האָט זי אָנגעהויבן צו טאַנצן און צו לאַכן ווי אַ משוגענע, זינגענדיג: „רו ביסט מיין ראָם *) און איך בין דיין ראָמי *)“. איך בין געשטאַנען אין מיטן צימער, אָנגעלאָדן מיט די פּעקלאַך, ניט וויסנדיג וואו זיי אַוועקצולייגן. זי האָט אַלץ אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, האָט מיר אַ שפּרונג געטאָן אויפן האַלז און האָט מיר געזאָגט:

— איך באַצאָל מיינע חובות, איך באַצאָל מיינע חובות, דאָס איז דאָס געזעץ פון די שוואַרצע **).

אַ, ליבער הער, יענער טאָג! יענער טאָג! אַז איך דערמאָן זיך אָן אים, פאַרגעס איך דעם מאָרגעדיגן טאָג.

דער באַנדיט איז אויף אַ ווייַלינקע אַנטשוויגן געוואָרן. פאַררויכערנדיג זיין ציגאַר, האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

מיר האָבן פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג אין עסן, טרינקען און אין עפּעס אַנדערש. אַז זי האָט זיך אָנגעגעסן מיט צוקערקעס, ווי אַ קינד פון זעקס יאָר, האָט זי גאַנצע הויפנס דערפון אַרייַנגעשטעקט אין דעם וואַסער־קרוג פון דער אַלטער. „זאָל זי האָבן אַביסל

*) ראָם — אַ מאַן, ראָמי — אַ ווייב (אויף ציגיינערש לשון).
**) ציגיינערס.

מער", האָט זי געזאָגט. זי האָט באַוואָרפן די ווענט מיט אייער־געלכלאַך, „כּדי די פליגן זאָלן אונז ניט טשעפּען". איך האָב זי געבעטן, זי זאָל מיר ווייזן, ווי זי טאַנצט; וואו נעמט מען אָבער קאַסטאַניעטן? און תּיכּף נעמט זי דער אַלטערס איינציגן טעלער, צעברעכט אים אויף שטיקער, און אָט טאַנצט זי שוין דעם ראָמאַליס, קלאַפּנדיג מיט די שטיקער פּאַיאַנס ווי מיט קאַסטאַניעטן פון עלפנביין. אויף נאמנות, מיט אַזאַ מיידל האָט קיינמאָל ניט געקאָנט זיין אומעטיג. דער אָוונט איז געקומען, איך האָב געהערט דעם פּויק, וועלכער רופט די סאָלדאַטן צוריק אין קאַזאַרמע אַריין.

— איך מוז גיין אין קאַזאַרמע.

— אין קאַזאַרמע? האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ מינע פון בטול, וואָס ביסט דו אַ נעגער, וואָס דו לאָזט זיך פירן דורך אַ שטעקל? דו ביסט אַן אמתער קאַנאַרייטשיק, ניט נאָר לויט דיינע מלבושים, נאָר אויך לויט דיין כאַראַקטער*). גיי, דו האָסט פּונקט אַזוי פיל מוט, ווי אַ הון.

איך בין געבליבן, רעכענענדיג זיך דערמיט, וואָס איך וועל זיצן אין קאַרצער. אויף מאָרגן האָט זי שוין אַליין גערעדט פון צעשיידן זיך.

— הער, ושאָזינקע, זאָגט זי, איך האָב דיר באַצאָלט צי נישט? לויט אונזער געזעץ בין איך דיר אַפילו גאָרנישט נישט שולדיג געווען, וואָרום דו ביסט אַ פּאַיללאָ, אָבער דו ביסט אַ שיין איינגל און דו ביסט מיר

*) שפּאַנישע דראַגונערס טראָגן געלע מלבושים.

געפעלן געוואָרן. מיר זיינען זיך איינער דעם אַנדערן גאָר נישט שולדיג. אַ גוטן טאָג.

איך האָב זי געפרעגט, ווען וועל איך זיך ווידער זעהן מיט איר.

— ווען דו וועסט נישט זיין אַזאַ טפּש, האָט זי געענט־פערט מיט אַ געלעכטער. און דערנאָך אין אַ מער מיושברינגן טאָן: — ווייסט דו, מיין זון, מיר דוכט זיך, איך האָב דיך אַביסל האָלט? אָבער לאַנג געדויערן קאָן עס ניט. אַ הונט און אַ וואָלף קאָנען ניט וואוינען לאַנג צוזאַמען. ווען דו וואָלסט געווען אַ ציגיינער כרבעי, וואָלט איך אפשר געוואָרן דיין ווייב. אָבער דאָס זיינען פּוסטע דבורים: דאָס קאָן ניט זיין. נו, מיין אינגעלע, גלויב מיר, אַז דו האָסט זיך ניט אָפּגענאַרט אין חשבון. דו האָסט זיך באַגעגנט מיטן טייוול. יאָ, מיטן טייוול, — ער איז נישט אַלע מאָל שוואַרץ — און ער האָט דיר נישט אַראָפּגעדרייט דעם קאָפּ. איך גיי אָנגעטאָן אין וואָל, אָבער איך בין ניט קיין באַראַן*). גיי, שטעל אַ ליכט פאַר דיין מאַרזשאַרי**), זי האָט עס ערליך פאַרדינט. נו, נאָך אַמאָל, אַ גוטן טאָג. קלער ניט וועגן קאַרמענטשיטן, אויב דו ווילסט ניט, אַז זי זאָל דיר געבן אַן אלמנה מיט הילצערנע פיס פאַר אַ ווייב***).

און רייד'נדיג אַזוי, האָט זי אָפּגערוקט דעם הילצערנעם ריגל און איז אַרויס. זי האָט זיך איינגעוויקלט אין איר טיכל און איז אַוועק. זי האָט געזאָגט אַן אמת. הלואי

---

*) אַ ציגיינערש ווערטל.

**) די הייליגע בתולה.

***) אַ תליה.

וואָלט איך וועגן איר נישט געקלערט. אָבער זינט יענעם טאָג אין דער קאַנדילערושער גאַס האָב איך וועגן אַנדערע זאַכן גאָרנישט געקאָנט קלערן. איך פלעג אַרומבלאָנקען דעם גאַנצן טאָג, כּדי זי ערגעץ וואו צו טרעפן. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף איר בײַ דער אַלטער און בײַ דעם קרעמער, וואָס פאַרקויפט געבראָ־טענע פיש. בײדע האָבן זײ מיר געענטפערט, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן קיין לאַלאָראָ, אַזוי האָט בײַ זײ געהייסן פּאָרטוגאַל. אַפּנים, אַז קאַרמען האָט זײ אַזוי אָנגעזאָגט, אַז זײ זאָלן מיר אַזוי ענטפערן. איך האָב אָבער באַלד אַרויסגעפונען, אַז זײ נאַרן מיך אָפּ. עטליכע וואָכן נאָך מײַן טאָג אין דער קאַנדילערושער גאַס, בין איך גע שטאַנען אויף דער וואַך בײַ אײנעם פון די שטאָט־טויערן. אין דער מויער, וואָס האָט אַרומגערינגלט די שטאָט, ניט ווייט פון דעם טויער, איז געווען אַ גרויסער שפּאַלט, וואו מען האָט בײַטאָג געאַרבעט און בײַנאַכט געהיט, כּדי ניט אַרײַנצולאָזן קיין גנבים. בײַטאָג האָב איך גע־זעהן ווי לילאַס פּאַסטיאַ דרייט זיך אַרום דער קאַזאַרמע און שמועסט מיט אַ פּאָר פון מײַנע חברים: אַלע האָבן זײ אים געקענט; נאָך מער האָבן זײ געקענט זײַנע פישלאַך און זײַנע קיכלאַך. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך געפרעגט, צי האָב איך עפּעס געהערט מכּח קאַרמען.

— נײן, האָב איך אים געענטפערט.

— נו, טאָ וועסטו באַלד הערן, פּעטער.

ער האָט ניט געהאַט קײן טעות. בײַנאַכט האָט מען מיך געשטעלט היטן דעם שפּאַלט. ווי נאָר דער נאַטשאַל־

ניק איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך דערזעהן אַ פרוי צוקומען צו מיר. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין קאַרמען. פונדעסטוועגן האָב איך זיך ניט געמאַכט וויסנדיג און אַ געשריי געטאָן:

— אַוועק פון דאַנען! מען טאָר נישט דורכגיין!

— זייט ניט אַזאַ שלעכטער, האָט זי מיר געזאָגט, לאָזנדיג זיך דערקענען.

— ווי, איר זייט דאָס, קאַרמען?

— יאָ, מיין ליבער פריינט, לאָמיר אַביסל אַ שמועס טון, און פון עפּעס רעכטס. ווילסטו פאַרדינען אַ דוראָ?*) באַלד קומען אָן מענשן מיט פעקלאַך, לאָז זיי דורך.

— ניין, ענטפער איך, איך טאָר זיי נישט דורכלאָזן: איך האָב אַזאַ באַפעל.

— באַפעל, באַפעל! בעת דו ביסט געווען אויף דער קאַנדילערושער גאַס, האָסטו וועגן אַזוינע זאַכן ניט געטראַכט.

— אַ, מאַך איך, אינגאַנצן צעמישט צוליב דער דאָזיגער ערינערונג. — צוליב אַזאַ מין זאַך איז טאַקע כדאי צו פאַרגעסן אָן דעם באַפעל; אָבער קאָנטראָבאַנדיסטיש געלט וויל איך ניט.

— נו, אויב דו ווילסט נישט קיין געלט, טאָ וועסטו אפשר וועלן עסן מיט מיר צוזאַמען בא דער אַלטער דאָראָטעע?

— ניין, האָב איך געזאָגט מיט אַ דערשטיקטער שטים, איך האָב זיך אַזוי געראַנגלט מיט זיך אַליין, אַז איך בין שיער נישט דערוואָרגן געוואָרן. — איך קאָן נישט.

*) א שפאַנישע גאָלדענע מטבע.

— זעהר גוט. אויב דו ביסט אַזאַ האַרטער מענש, וועל איך שוין וויסן צו וועמען איך דאַרף זיך ווענדן. איך וועל פאָרשלאָגן דיין אָפּיצער, ער זאָל מיט מיר צוזאַמען גיין עסן צו דאַראָטעען. ער קער זיין אַ גוטער ברודער און ער וועט אַוועקשטעלן אויף דער וואַך אַ פּאַרשוין, וועלכער וועט נאָר זעהן, וואָס מען באַדאַרף צו זעהן. אַ גוטן טאָג, קאַנאַרייטשיק. אַי, וועל איך זיך דאָס אַביסל פרייען, ווען עס וועט אַרויסקומען דער באַפעל דיך אויפצוהייננגען.

איך האָב געטאָן אַ נאַרישקייט און האָב זי צוריק־גערופן. איך האָב איר צוגעזאָגט דורכצולאָזן די גאַנצע כאַליאַסטרע ציגיינערס, אויב נאָר מען וועט עס דאַרפן, אַבי איך זאָל נאָר באַקומען דעם איינציגן לוין, וואָס איך האָב געוואונשן. זי האָט מיר תיכף געשוואָרן, אַז זי וועט האַלטן וואָרט שוין פון מאָרגן אָן און איז געלאָפן אָנזאָגן אירע פריינט, וועלכע זיינען געשטאַנען גרייט אַ פּאָר טריט פון דאַנען. עס זיינען געווען פינף ציגיינערס, אַלע אָנגעלאָדן מיט ענגלישע סחורות. צווישן די ציגיינערס האָט זיך אויך געפונען פאַסטיאַ. קאַרמען האָט זיך אַוועקגעשטעלט היטן. איר עובדה איז געווען אַ קלאַפּ צו טון מיט אירע קאַסטאַניעטקעס, ווי נאָר זי וועט דערזעהן די סאָלדאַטן, וואָס גייען אַרום הין און צוריק. אָבער דאָס איז געווען איבעריג; די גנבים האָבן אָפּ־געטאָן זייער אַרבעט אין איין רגע.

אויף מאָרגן בין איך געגאַנגען אין דער קאַנדילעדזשער גאַס. קאַרמען האָט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. אַז זי איז געקומען, איז זי געווען שטאַרק ניט צופרידן.

— איך האָב ניט האָלט קיין מענשן, וואָס לאָזן זיך בעטן, זאָגט זי, אַנומעלט האָסטו מיר געטאָן אַ גרעסערע טובה, הגם דו האָסט ניט געוואוסט, צי דו וועסט דערביי עפּעס פאַרדינען. נעכטן האָסטו זיך מיט מיר גערונגען. איך ווייס אַליין ניט, צוליבּ וואָס איך בּין געקומען אַהער־צו, וואָרום איך האָבּ דיך שוין ניט ליבּ. נאַ, אָט האָסטו אַ דוראָ פאַר דיין אַרבּעט.

איך האָבּ איר געוואָלט אַ וואָרף טון די מטבע אין קאָפּ, איך האָבּ זיך געמוזט אָנטון אַ גרויסן כח, כּדי איינצוהאַלטן זיך און זי ניט שלאָגן. אין אַ משך פון אַ שעה האָבּן מיר זיך געקריגט, און איך בּין אַוועק־געגאַנגען אַ צעקאָכטער. איך האָבּ אַ צייט אַרומגעבּלאָנ־קעט אין דער שטאָט, אַרומלויפנדיג ווי אַ משוגענער, און צום סוף בּין איך אַריין אין אַ קלויסטער, האָבּ זיך געשטעלט אין אַ פינסטערן ווינקל און געוויינט מיט בּיטערע טרערן. מיט אַמאָל דערהער איך אַ שטים:

— טרערן פון אַ דראַגון! איך וואָלט אַ בּעלן געווען צו מאַכן דערפון אַ כּשוף־וואַסערל.

איך הויבּ אויף די אויגן, ערשט קאַרמען שטייט קעגן מיר.

— נו, מיין פריינט, זייט איר נאָך אויף מיר אין כּעס? האָט זי מיר געזאָגט. — אַפּנים, אַז איך האָבּ אייך טאַקע האָלט, כאָטש איך וויל דאָס ניט, וואָרום זינט איר זייט פון מיר אַוועקגעגאַנגען, ווייס איך ניט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איצט בּעט איך זיך שוין בּאַ דיר, דו זאָלסט גיין מיט מיר אויף דער קאַנדילערושער גאַס.

מיר האָבן זיך איבערגעבעטן. אָבער קאַרמענס כאַ־ראַקטער איז געווען אַזוי ווי די פּאָגאָדע באַ אונז. גראָד ווען די זון שיינט אין אונזערע בערג מיט איר שענסטן בליאַסק, איז דאָס אַ סימן, אַז עס וועט באַלד אָנשטיין אַ געוויטער. זי האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיך זעהן מיט מיר באַ דאָראָטעען, און זי איז ניט געקו־מען. און דאָראָטעע האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אַוועק קיין לאַלאָראָ וועגן די ציגיינערשע עסקים.

היות ווי איך בין שוין געווען געניט אין אַזוינע ענינים, האָב איך קאַרמען אומעטום געזוכט, וואו מען האָט זי לויט מיינע השערות געקאָנט געפינען. צוואַנ־ציג מאָל אַ טאָג פלעג איך דורכגיין די קאַנדרילערושער גאַס. איינמאָל זיץ איך אַזוי באַ דאָראָטעען, וועלכע איך האָב צוגעוויינט צו זיך דורכדעם, וואָס איך פלעג זי ווען ניט ווען מכבד זיין מיט אַ גלעזל שנאַפּס — ערשט קאַרמען גייט אַריין מיט אַ יונגען מאַן, אַן אָפיצער פון אונזער פּאָלק.

— גיי געשווינד אַרויס, גיט זי מיר אַ זאָג אויף בּיסקאַאיש.

איך בין מבולבל געוואָרן און געבליבן. אינעווייניג באַ מיר האָט עס געקאָכט.

— וואָס טוסטו דאָ, האָט מיר דער אָפיצער געזאָגט, אַרויס פון דאַנען!

איך האָב ניט געקאָנט טון קיין טראָט, אַזוי ווי עס וואָלטן זיך באַ מיר אָפּגענומען די פיס. דער אָפיצער, זעהענדיג, אַז איך גיי ניט אַוועק און אַז איך האָב אַפילו ניט אַראָפּגענומען דאָס היטל, איז געוואָרן אין כּעס,

האָט מיך אָנגענומען באַם קראַגן און האָט מיך שטאַרק אַ טרייסל געטאָן.

איך געדיינק שוין ניט, וואָס איך האָב אים געזאָגט, נאָר ער האָט אַרויסגעצויגן זיין שווערד, איך האָב אויך אַרויסגעצויגן מיין שווערד. די אַלטע האָט מיך אָנגעכאַפּט באַם אָרעם, און דער אָפיצער האָט מיר געגעבן אַ זעץ אין שטערן. אָט איז נאָך דער סימן געבליבן באַ מיר ביז היינטיגן טאָג. איך בין אָפּגעטראָטן צוריק, האָב דעראָטעען אַ שטוים געטאָן מיטן עלנבויגן, און זי איז אַנידערגעפאַלן אויפן רוקן; און אַזוי ווי דער אָפיצער איז ניט אָפּגעטראָטן פון מיר, האָב איך אים דערלאַנגט מיטן שווערד און האָב אים אויפן אָרט דער־שטאָכן. קאַרמען האָט תיכּף אויסגעלאָשן די לאָמפּ און האָט אויף איר לשון געזאָגט דעראָטעען, זי זאָל אַנטלויפן. איך אַליין האָב זיך אויך אַרויסגעכאַפּט אויפן גאַס און אָנגעהויבן צו לויפן, וואוהין די פיס האָבן מיך געטראָגן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז עמיצער לויפט מיר נאָך. אַז איך בין אַביסל געקומען צו זיך, האָב איך דערזעהן קאַרמען נעבן זיך. זי האָט מיך ניט פאַרלאָזט די גאַנצע צייט.

— האָסט אַביסל געזעהן אַ טפּש פון אַ קאַנאַרייטשיק, זאָגט זי מיר, מער ווי נאַרישקייטן זעהט מען ניט פון דיר. איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וועל דיר ברייננגען אומגליק. קום, מען קאָן אַלץ פאַרריכטן, ווען מען האָט אַ ציגיינערקע פאַר אַ גוטן פריינט. קודם כל טו נאָר אָן דאָס טיכל אויפן קאָפּ און גיב מיר דיין

גאַרטל. וואַרט אויף מיר דאָ אויף דער גאַס. איך קום צוריק אין צוויי מינוט אַרום.

זי איז נעלם געוואָרן און האָט מיר תיכף געבראַכט אַ מאַנטל אין פּאַסקעס, וואָס זי האָט ערגעץ וואו געקראָגן. זי האָט מיר געהייסן אַראָפּוואַרפן דעם מונדיר און אָנטון דעם מאַנטל איבער דעם העמד. אָנגעטאָן אויף אַזאַ אופן, אויפן קאָפּ די פּאַטשיילקע, מיט וועלכער זי האָט מיר פאַרבונדן די וואונד, האָב איך אויסגעזעהן כמעט ווי איינער פון די וואַלענציענער פויערים, וואָס קומען אָפּט אין סעווילִיאַ פאַרקויפן זייער טשופּאַס*). דערנאָך האָט זי מיך אַריינגעפירט אין אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען טיף אין אַ קליין געסל און וואָס איז געווען ענליך צו דאָראָטעעס הויז. זי און נאָך עפּעס אַ ציגיינערקע האָבן מיך געוואַשן און פאַרבונדן די וואונד אַ סך בעסער, ווי דער כירורג פון פּאָלק; דערנאָך האָבן זיי מיר געגעבן צו טרינקען עפּעס אַ מין וואַסערל און געלעגט שלאָפן אויף אַ מאַט־ראַץ; איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

משמעות, אַז די דאָזיגע ווייבער האָבן אין מיין געט־ראַנק אַריינגעטאָן אַ פּאָר פון יענע איינשלעפערנדיגע פּראָשקעס, וואָס זיי אַליין ווייסן דעם סוד פון זייער צו־גרייטונג, וואָרום איך בין אויפגעשטאַנען ערשט אויף מאָרגן און טאַקע גאַנץ שפּעט. דער קאָפּ האָט מיר מוראָדיג וויי געטאָן, און איך האָב געהאַט אַביסל פיבער; תחלת האָב איך ניט געוואוסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין; דערנאָך אָבער האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער שרעקליכער סצענע, אין וועלכער איך האָב נעכטן

*) אַ מין וואָרצל, פון וואָס מען מאַכט אַ געוויסן סאָרט לימאָנאַד.

אַזאַ ראָליע געשפּילט. קאַרמען און איר חברטע האָבן
ווידער פאַרבונדן מיין וואונד; דערנאָך האָבן זיי זיך
ביידע געזעצט צונויפגעקאָרטשעט נעבן מיין מאַטראַץ
און האָבן זיך עפּעס געזאָגט אויף ציגיינערש לשון.
דוכט מיר, אַז דאָס איז געווען אַ מין מעדיצינישע קאָנסול־
טאַציע. ביידע האָבן מיר דערנאָך מבטיח געווען, אַז
איך וועל באַלד געזונט ווערן, נאָר אַז איך וועל מוזן פאַר־
לאָזן די שטאָט וואָס גיכער, וואָרום. אויב מען וועט מיך
כאַפּן, וועט מען מיך דערשיסן אָהן שום רחמנות.
— הער, מיין אינגעלע, רופט זיך אָן קאַרמען צו מיר,
—איצט מוזט דו עפּעס טון; פון היינט אָן וועסטו שוין
מער ניט קריגן קיין רייז און ניט קיין געטריקנטע פיש *).
דו מוזט אויף אַזאַ אופן קלערן וועגן אַ תכלית, ווי אַזוי
צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. לטחנען בשתיקה, אויף
אַן איידלען אופן — דערצו ביסטו אַ צו גרויסער גולם;
דו ביסט אָבער אַ געזונטער יונג און זעהר רירעוודיג;
אויב דו ביסט ניט קיין שרעקעדיגער, טאָ פאָר אַוועק
צום ברעג ים און ווער אַ קאָנטראַבאַנדיסט. ווי מיר
דוכט, האָב איך דיר שוין איינמאָל צוגעזאָגט, אַז איך
וועל דיך אַרויסברייננגען אויף דער תליה. אַ סך בעסער
איידער דערשאָסן צו ווערן. אָבער נישקשה, אויב
דו וועסט פאַרשטיין דעם עסק, וועסטו לעבן ווי אַ שררה,
כל זמן די שומרים פונם ברעג וועלן דיך ניט פאַקן באַם
קראַגן.
אָט אויף אַזאַ פיינעם און ליבליכן אופן האָט מיך
דאָס טייוולשע מיידל אַרויסגעפירט אויף מיין נייעם דרך

*) די מאכלים פון שפּאַנישע סאָלדאַטן.

אין לעבן. רעם אמת זאָגנדיג, האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט נאָך רעם, ווי איך האָב גענומען אויף זיך אַ טויט־שטראָף. און זאָל איך אייך זאָגן רעם אמת? איך האָב זיך נישט לאַנג געישובט, איידער איך האָב זיך באַשלאָסן. מיר האָט זיך אויסגערוכט, אַז דורך אַזאַ מין לעבן, וואָס איז פול מיט אַוואַנטיורעס און בונטן, וועל איך זיך נאָך שטאַרקער פאַרקניפּלען מיט איר. פון היינט אָן, האָב איך געקלערט, קאָן איך בטוח זיין אין איר ליבע. איך האָב אָפט געהערט דערציילן פון קאָנטראָבאַנדיסטן, וואָס רייטן דורך גאַנץ אַנדאַלוזיע אויף אַ גוטן פערד, אַ ביקס אין דער האַנט און אַ מיידל אויף דעם רוקן פונם פערד. איך האָב מיר שוין אין מיין פאַנטאַזיע אויסגעמאָלט, ווי איך טרייב מיר מיין פערדל דורך בערג און טאָלן מיט מיין שיינער ציגיינערקע הינטער מיר. אַז איך האָב איר דאָס געזאָגט, האָט זי זיך געהאַלטן פאַר די זייטן. לאַכנדיג, און האָט מיר דערציילט, אַז עס איז ניטאָ עפּעס שענערס ווי פאַר־ברייננגען אַ נאַכט באַ אַן אָפּרוה אינם פרייען פעלד, וואו איטליכער „ראָם“ נעמט זיך זיין „ראָמי“ און גייט מיט איר אַריין אין אַ קליינעם געצעלט, געמאַכט פון דריי רייפן, וואָס ווערן איבערגערעקט מיט אַ טוך.

— אויב איך וועל נאָר זיין אין די בערג, זאָג איך איר, וועל איך שוין ניט מורא האָבן, אַז דו וועסט מיר ווערן אומגעטריי! דאָרטן וועט ראָך נישט זיין קיין אָפּיצער, וואָס וועט האָבן אַ חלק אין דיר.

— אַ, דו האָסט מורא, אַז מען וועט מיך אַוועקנעמען פון דיר, האָט זי געענטפערט. וואָס מער דו

האָסט מורא, אַלץ ערגער איז פאַר דיר. ווי קומט צו דיר אַזאַ שטות? ניט שוין זשע זעהסטו ניט, אַז איך האָב ריך האָלט, ווי באַלד איך בעט באַ דיר קיינמאָל קיין געלט ניט?

הערנדיג אַזעלכע דבורים, וואָלט איך זי דערוואָרגן.

בקיצור, קאַרמען האָט פאַר מיר געקראָגן אַ ציווילנעם מלבוש, אין וועלכן איך בין אַרויסגעפאָרן פון סעווילִיאַ, אַזוי אַז קיינער האָט מיך ניט דערקענט. געפאָרן בין איך קיין זשערעז מיט אַ בריוו פון פּאַסטיאַ צו אַ סוחר, וואָס האָט געהאַנדלט מיט שנאַפּס. באַ דעם ראָזיגן סוחר פלעגן זיך די קאָנטראָבאַנדיסטן פאַרזאַמלען. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די ראָזיגע לייט, בראש פון וועלכע איז געשטאַנען אַ געוויסער דאַנקאַיר; דער ראָזיגער דאַנקאַיר האָט מיך אויפגענומען אין זיין קאָמפּאַניע. מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין גאָסען. דאָרטן איז שוין געווען קאַרמען, וועלכע האָט מיט מיר געהאַט אָפּגערעדט זיך צו טרעפן. אין אונזערע נסיעות איז זי געווען די שפּיאָנקע, און אַ בעסערע שפּיאָנקע האָט מען זיך גאָר נישט געקאָנט ווינשן. זי איז דאַן אָקאָרשט געקומען פון גיבראַלטאַר, וואו זי האָט געהאַט אָפּגערעדט מיט אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, אַז ער זאָל אַריבערפירן ענגלישע סחורות, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט נעמען אויפן ברעג. מיר זיינען אַלע אָפּגעפאָרן אין אַן אָרט, ניט ווייט פון עסטעפּאָנע, כדי צו וואַרטן אויף זיי. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיי באַקומען, האָבן מיר אַ טייל פון זיי באַהאַלטן אין די בערג, און דעם אַנדערן טייל האָבן מיר מיט־גענומען מיט זיך און אַוועק קיין ראָנדאַ. קאַרמען איז

פריהער פֿאַר אונז אַלעמען אַװעקגעפֿאָרן אַהינצו: זי האָט אונז אויך געלאָזט װיסן, װען מיר זאָלן אַריין אין שטאָט. די ראָזינגע נסיעה און נאָך אַ פּאָר אַנדערע נסיעות זיינען גראָר געװען מזלדיג. דאָס קאָנטראָבאַנדיש לעבן איז מיר מער געפֿעלן, װי דאָס סאָלדאַטיש לעבן; איך פֿלעג קאַרמען שיינקען מתּנות. איך האָב געהאַט געלט און אַ מיידל. קיין חרטה אויף מיינע פֿריהערדיגע חטאים האָב איך ניט געהאַט, װאָרום װי זאָגט אַ ציגיי־נערש װערטל: אַז מען האָט הנאה פֿון קרעץ, בייסט זיך ניט. אומעטום זיינען מיר געװען אָנגעלעגטע געסט; מיינע חברים זיינען זיך גוט באַגאַנגען מיט מיר און האָבן מיר אַפּילו אַרויסגעװיזן דרך ארץ. דאָס האָט זיך געגומען דערפֿון, װאָס איך האָב שוין אַמאָל דער־הרגעט אַ מענטשן, און ניט אַלע פֿון זיי האָבן געקאָנט אָנװייזן אויף אַזאַ העלדישקייט. אָבער דאָס טייערסטע פֿון אַלץ אין מיין לעבן איז געװען דאָס, װאָס איך האָב אָפֿט געקאָנט זעהן קאַרמען. זי האָט מיר אַרויסגעװיזן מער פֿריינטלעכקייט װי אַלע מאָל; אָבער זי האָט ניט געװאָלט װייזן פֿאַר מיינע אַנדערע חברים, אַז זי איז מיין געליבטע; איך האָב איר אַפּילו געמוזט שװערן מיט אַלע שבועות, אַז איך װעל עס קיינעם ניט דערציילן. דאָס ראָזיגע באַשעפעניש האָט געקאָנט אַלץ אויספֿירן באַ מיר, איך האָב געפֿאָלגט אַלע אירע קאַפּריזן. אגב, איז דאָס געװען דאָס ערשטע מאָל, װאָס זי האָט געװיזן דעם שטאַט פֿון אַן ערליכער פֿרוי, און איך האָב געהאַט תּמימות גענוג אין זיך צו גלויבן, אַז זי האָט זיך שוין טאַקע אָפּגעװיינט פֿון אַלע אירע פֿריהערדיגע נייגונג.

אונזער קאָמפּאַניע איז באַשטאַנען פון אַכט אָדער צען פּאַרשוין; מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין באַזונדערע מאָמענטן, ווען מען האָט געראַרפט באַקלערן אַ וויכטיגן ענין אָדער אָפּטון אַ וויכטיגן עסק. געוויינטליך אָבער זיינען מיר געווען צעשפּרייט צו צווייען אָדער צו דרייען אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלאַך. איטליכער פון אונז האָט זיך כלומרשט פאַרנומען מיט וואָס עס איז פאַר אַ מלאכה אָדער וואָס עס איז פאַר אַ מסחר. איינער איז געווען אַ בלעכער, דער אַנדערער אַ פערדהענדלער. איך, למשל, האָב געהאַנדלט מיט גאַלאַנטעריי, אָבער אין גרעסערע שטעט פלעג איך זיך ניט באַווייזן וועגן דער מסוכנדיגער מעשה אין סעוויליא. איינמאָל באַנאַכט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט בײַ דעם אונטערשטן טייל פונם וועזשער. דאַנקאַיר און איך זיינען געקומען פריהער איידער די אַנדערע; דאַנקאַיר איז געווען זעהר אויפגעראַמט.

— באַלד וועלן מיר קריגן נאָך אַ חבר, זאָגט ער מיר. קאַרמען האָט אָקאָרשט אָפּגעטאָן איינס פון אירע בעסטע שפּיצלאַך. זי האָט אַרויסגענומען פון תּפיסה איר „ראָם", וועלכער איז געזעסן די גאַנצע צייט אין דער געפענגעניש פון טאַריפאַ.

איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם ציגיינערשן לשון, אויף וועלכן עס האָבן גערעדט כּמעט אַלע מיינע חברים, און בײַ דעם וואָרט „ראָם" האָט עס מיך אַ צופּ געטאָן בײַם האַרצן.

— ווי, איר מאַן? האָט זי דען אַ מאַן? האָב איך געפרעגט דעם מנהיג פון אונזער קאָמפּאַניע.

— אוראי, האָט ער געענטפערט, איר מאַן איז נאַר־ציאַ דער סליעפּאַק, אויך אַ ציגיינער און פּונקט אַזאַ ממזר ווי זי. ער איז נעבעך די גאַנצע צייט געזעסן אין תּפיסה. קאַרמען האָט דעם דאָקטאָר פון דער געפענ־געניש אַזוי פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז זי האָט נעפּועלט, מען זאָל איר מאַן אַרויסלאָזן. אַי, איז דאָס אַ כוואַט פון אַ מיידל; זי איז ווערט אַ שטיק גאָלד. שוין צוויי יאָר, אַז זי סטאַרעט זיך צו געפינען מיטלען, ווי ער זאָל אַנטלויפן, ביז אַהער האָט זיך איר דאָס אַלץ ניט איינ־געגעבן; אָבער דאָ ניט לאַנג איז אָנגעקומען אַ נייער דאָקטאָר, אַפּנים, אַז זי האָט זיך מיט אים צונויפגערעדט.

איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן, אַז קיין גרויס הנאה פון דער דאָזיגער ידיעה האָב איך ניט געהאַט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און איך האָב דעם דאָזיגן גאַרציאַ דעם סליעפּאַק דערזעהן. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע פאַרזעהעניש, וואָס דאָס ציגיינערש וועלטל האָט פאַר־מאָגט. מיט זיין שוואַרצן פּרצוף און זיין נאָך שוואַר־צערער נשמה האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר, אַלס דער גרעסטער רוצח, וואָס איך האָב געטראָפן ווען עס איז אין מיין לעבן. קאַרמען איז געקומען אינאיינעם מיט אים; און בעת זי פלעגט אים רופן „מיין מאַן“ פאַר מיר אין די אויגן, האָט מען געדאַרפט זעהן, וואָס פאַר אַ גנבהשן קוק זי האָט אויף מיר בשעת מעשה געוואָרפן, און וואָס פאַר העויות זי האָט געמאַכט, ווען גאַרציאַ פלעגט זיך אָפּקערן. איך בין געווען אויסער זיך, און יענע נאַכט האָב איך מיט איר ניט אויסגערעדט קיין

וואָרט. אויף מאָרגן האָבן מיר איינגעפּאַקט אונזערע זאַכן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, ווי מיר רערוזעהען מיט אַמאָל אַ טוץ רייטער הינטער אונז. די אַנדאַלו־זישע באַרימערס, וואָס פלעגן תּמיד ריידן, אַז זיי וועלן אַלעמען אויסהרגענען, האָבן געקראָגן גרויס פּחד. מען איז געלאָפן, וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. ראַנקאַיר, גאַרציאַ, רעמענראַראָ, אַ שיין אינגל פון עצייאַ, און קאַרמען זיינען ניט מבולבל געוואָרן. די אַנדערע האָבן געוואָרפן זייערע מוילאייזלען, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין די גראָבנס, וואוהין די פערד האָבן ניט געקאָנט צוקומען. אונזערע אייזלען האָבן מיר שוין ניט געקאָנט ראַטעווען; מיר האָבן וואָס גיכער, אין דער גרעסטער איילעניש, אַראָפּגענומען דאָס בעסטע פון דעם אָנגעראַבירטן האָב און גוטס, האָבן עס אַרויפגעלעגט אויף אונזערע פּלייצעס און געפּרובט אַנטלויפן איבער די שטייניגסטע אָפּהאַנגען דורך די פעלזן. מיר פלעגן איטליכס מאָל געבן אַ שטויס די פּעקלאַך פאַר אונז און נאָכגליטשן זיך נאָך זיי, ווי נאָר מיר האָבן געקאָנט. און די גאַנצע צייט האָט אונז דער שונא באַשאָסן; דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערהערט דאָס פייפן פון קוילן; איך בין ווייניג וואָס נתפּעל געוואָרן דערפון. בעת מען האָט אַ פרוי פאַר די אויגן, איז דאָס ניט מורא האָבן פאַרן טויט גאָר קיין בריהשקייט ניט. מיר זיינען אַלע נצול געוואָרן, חוץ דעם שיינעם אינגל פון עצייאַ נעבעך, וואָס האָט באַקומען אַ קויל אין די לענדן. איך האָב אַ וואָרף געטאָן מיין פּעקל און געפּרובט אים מיטנעמען.

— שוטה אײנער! — האָט גאַרציאַ אַ געשריי געטאָן,

— צו וואָס טויג אונז אַ נבלה? דערהרגע אים און לאָז ניט אַרויס דאָס פּעקל באַזול פון האַנט.

— לאָז אים ליגן! — האָט צו מיר קאַרמען געשריען.

איך בין געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז איך האָב אים געמזזט אויף אַ ווײַלע אַהעקלײגן אונטער אַ פעלז. גאַרציאַ איז צוגעגאַנגען און האָט אים אַ וואָרף געטאָן די ביקס אין קאָפּ אַרײַן.

— מען דאַרף זײַן בנאמנות אַ בריה אים איצט צו דערקענען, האָט ער געזאָגט, באַטראַכנדיג זײַן געזיכט, וואָס איז געווען דורכגעלעכערט מיט צוועלף קוילן.

אַט אַזאַ שײן לעבן האָב איך דאָס געלעבט, מײַן הער. אַז עס איז אָנגעקומען דער אָוונט, זײַנען מיר אַלע ווידער געווען אין אַ וועלדל. מיר זײַנען אַלע געבליבן אָהן כחות, האָבן ניט געהאַט, וואָס צו עסן און זײַנען בדיל הדל געוואָרן דורך דעם היזק פון די אײזלען... טרעפט אָבער, וואָס טוט דער ממזרוק ימח שמו, אָט דער גאַרציאַ? ער נעמט אַרויס אַ טאַש קאָרטן פון קעשענע און נעמט שפּילן מיט דאַנקאַירן באַם שײַן פון אַ פײַער, וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן. איך בין בשעת מעשה געלעגן אויף דער ערד, האָב געקוקט אויף די שטערן און געטראַכט וועגן רעמענדאַדאָ. איך האָב געקלערט, אַז איך וואָלט געוואָלט זײַן אויף זײַן אָרט. קאַרמען האָט זיך געזעצט אויף די קני נעבן מיר, אונטערזינגענדיג אונטער דער נאָז און אונטערקלאַפּנדיג מיט אירע קאַס־טאַניעטן. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו מיר גאַנץ נאָהענט, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט מיר אײַנרוימען אַ סוד

אין אויער און האָט מיך קענן מיין ווילן אַרומגענומען און געקושט צוויי אָדער דריי מאָל.

— דו ביסט דער טייוול, האָב איך איר געזאָגט.

— יאָ, האָט זי מיר געענטפערט.

עטליכע שעה האָבן מיר גערוהט, און דערנאָך איז קאַרמען אַוועק קיין גאָסען. אויף מאָרגן אין דערפריה איז געקומען אַ פּאַסטוכל און האָט אונז געבראַכט ברויט. דעם גאַנצן טאָג זיינען מיר שוין דאָרט פאַרבליבן און באַנאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין קיין גאָסען. מיר האָבן געוואַרט אויף ידיעות פון קאַרמען. אָבער עס איז גאָרנישט נישט אָנגעקומען. אַז עס איז געוואָרן טאָג, דערזעהן מיר אַן אייזל־טרייבער, וועלכער פירט אַ פרוי אויף אַ מוילאייזל. די פרוי איז געווען שיין אָנגעטאָן, האָט געהאַלטן אַ שירעם אין האַנט און האָט געהאַט בּאַ זיך אַ קליין מיידל, משמעות, אַ דינסט־מיידל. גאַרציאַ זאָגט אונז:

— אָט זיינען צוויי מוילאייזלען און צוויי פרויען, וועלכע עס שיקט אונז דער הייליגער ניקאָלאַי. גלייכער וואָלט אַפילו געווען, ווען עס וואָלטן זיין פיר מוילאייזלען. אָבער עס שאַדט ניט. איך וועל שוין אָפּטון מיין עסק. ער האָט גענומען דאָס ביקסל אין די הענט און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער סטעזשקע, באַהאַלטנדיג זיך צווישן די קוסטעס. איך און דאַנקאַיר זיינען אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן. ווען מיר זיינען שוין געקומען אַזוי וויט, אַז מען האָט אונז געקאָנט הערן, האָבן מיר אַ געשריי געטאָן צום אייזל־טרייבער, ער זאָל זיך אָפּשטעלן. דערזעהענדיג אונז, האָט די פרוי אָנשטאָט זיך

צו דערשרעקן, — און אונזערע קאָסטיומען אַליין האָבן שוין געקאָנט וואַרפן אַן אימה — אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

— אַ, די טפּשים, זיי האַלטן מיך פאַר אַ בעל־הבתיש ווייבל!

דאָס איז געווען קאַרמען. זי האָט זיך אַזוי גוט פאַרשטעלט, אַז ווען זי וואָלט ריידן אויף אַן אַנדער שפּראַך, וואָלט איך זי ניט דערקענט; זי איז אַראָפּ־געשפּרונגען פונם מוילאייזל און האָט אין משך פון אַ קורצער צייט עפּעס געדערט שטילערהייט מיט דאַנ־קאַירן און גאַרציאַ. דערנאָך זאָגט זי מיר:

— קאַנאַרייטשיק, מיר וועלן זיך נאָך זעהן, איידער מען וועט דיך אויפהייגגען. איך פאָר קיין גיבראַלטאַר מכח די ציגיינערשע עסקים. איר וועט באַלד הערן פון מיר.

זי האָט אונז אָנגעוויזן אַן אָרט, וואו מיר האָבן גע־קאָנט וואוינען באַהאַלטענערהייט אין משך פון עטליכע טעג, און מיר האָבן זיך דערנאָך צעשיידט פון איר. דאָס מיידל איז געווען די באַשיצערין פון אונזער קאָמ־פּאַניע. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און מיר האָבן באַקומען פון איר אַביסל געלט און אַ ידיעה, וואָס איז פאַר אונז געווען חשובער פאַר געלט. זי האָט אונז מודיע געווען, אַז אין אַזאַ און אַזאַ טאָג וועלן אַרויס־פאָרן צוויי ענגלענדער, וואָס וועלן מאַכן אַ נסיעה פון גיבראַלטאַר קיין גראַנאַדאַ אויף אַזאַ און אַזאַ וועג. און וואָס ווייטער, פאַרשטייט מען דאָך שוין. די ענגלענדער האָבן

געהאַט באַ זיך נייאינקע און שיינע גינעען*). גאַרציאַ
האָט זיי געוואָלט אַוועקלייגן אויפן אָרט, אָבער איך און
ראַנקאַיר האָבן עס ניט דערלאָזט. מיר האָבן נאָר
צוגענומען באַ זיי דאָס געלט און די זייגערס, ניט רעכענ־
דיג די עמרער, אין וואָס מיר האָבן זיך שטאַרק גע־
נויטיגט. אָט אַזוי, מיין ליבער הער, ווערט מען דאָס
אַ גנב אומגעריכטערהייט. צוליב אַ שיין מיידל גייט מען
אַראָפּ פון זינען, מען שלאָגט זיך פון אירעטוועגן, אָט
טרעפט זיך אַן אומגליק, מען מוז לעבן אין די בערג און
אַזוי אַרום ווערט אַ קאָנטראָבאַנדיסט ניט ווילנדיג אַ גנב.
מיר זיינען געקומען צו דער מסקנה, אַז נאָך דער מעשה
מיט די ענגלענדער טויג פאַר אונז ניט צו וואוינען אין
די מקומות אַרום גיבראַלטאַר און מיר האָבן זיך פאַררוקט
טיפער אין די בערג פון דער ראָנדאַ. איר האָט מיר
אַמאָל עפּעס געזאָגט מכח ושאָזע מאַריאַ; אָט דאָרטן
טאַקע בין איך מיט אים באַקאַנט געוואָרן. אין אַלע
זיינע אַוואַנטיורעס האָט ער אַרומגעשלעפּט מיט זיך זיין
מיידל, אַ שטילע, אַ קלוגע און מיט דעם שטאַט פון
אַן אמת בעל־הבתּיש קינד. קיינמאָל ניט אַרויסגע־
רעדט קיין מאום וואָרט, היינט איר איבערגעגעבנקייט!...
איר גוטסקייט האָט ער באַלוינט דערמיט, וואָס ער האָט
זי געפּייניגט. ער פלעגט תמיד נאָכלויפן נאָך אַנדערע
מיידלאַך, פלעגט זיך גראָב באַגיין מיט איר און דערנאָך
איז ער געקומען אויפן געדאַנק צו שפּילן די ראָליע פון אַן
אייפערזיכטיגן. איינמאָל האָט ער איר געגעבן אַ זעץ
מיט אַ מעסער, און וואָס מיינט איר ? זי האָט אים נאָך

*) גאָלדענע מטבעות.

מער ליב געקראָגן רערפאַר, אָט אַזאַ טבע האָבן שוין רי ווייבער, באַזונדערס די אַנדאַלוזערקעס. ראָס ראָזיגע מיירל האָט זיך געגרויסט מיט דעם שׂנית, וואָס זי האָט באַקומען, און האָט עס אַלעמען געוויזן און זיך באַרימט דערמיט, ווי מיט דער שענסטער זאַך אויף דער וועלט. אַחוץ די אַלע דאָזיגע מעלות, איז נאָך ושאָזע מאַריאַ געווען דערצו אַ שלעכטער חבר. איינמאָל, אין איינער פון אונזערע אַוואַנטיורעס, האָט ער אַזוי גוט אויס־גערעכנט, אַז דאָס גאַנצע געלט איז געבליבן באַ אים, און אויף אונזער חלק זיינען אויסגעפאַלן קלעפּ און דער גאַנצער פלאָנטער פון דעם עסק. אָבער איך קער זיך אום צו מיין דערציילונג. עס איז פאַרגאַנגען אַ היפּש ביסל צייט און מיר האָבן פון קאַרמען גאָרנישט נישט געהערט. ראַנקאַיר זאָגט מיר:

— איינער פון אונז וועט מוזן אַריבערפאָרן קיין גיבּ־ראַלטאַר, כּדי געוואָר צו ווערן, וואָס עס טוט זיך דאָרט; זי האָט שוין דאָרט מן הסתּם עפּעס אויפגעטאָן. איך וואָלט געפאָרן, ווען מען וואָלט מיך ניט אַזוי גוט געקענט אין יענע מקומות.

דער סליעפּאַק האָט געזאָגט:

— און מיך קען מען אויך. איך האָב די ראַקעס *) אָפּגעטאָן אַזוי פיל שפּיצלאַך! און היות ווי איך בין אויף איין אויג, קאָן מען מיך זעהר גרינג דערקענען, ווי איך זאָל זיך ניט פאַרשטעלן.

*) אזוי רופט מען די ענגלענדער אין שפּאניע בא דעם פּראסטן עולם.

— הייסט עס, אַז איך מוז פאָרן? האָב איך זיך אָפּגערופן פון מיין צר.

באַם גערעַנק, אַז איך וועל זיך זעהן מיט איר, בין איך געוואָרן מלא שמחה; הכלל, וואָס דאַרף מען טון?

די אַנדערע האָבן מיר געזאָגט:

— זעץ זיך אויפן שיף אָדער גיי דורך דעם וועג פון סען־ראָק. מאַך ווי דו ווילסט. אַז דו וועסט אָנקומען אין גיבראַלטאַר, זאָלסטו פרעגן אויפן האַפן, וואו עס וואוינט ראָלאָנע, אָט די, וועלכע האַנדלט מיט שאָקאָ־לאַר. אַז דו וועסט זיך זעהן מיט דער ראָזיגער ראָלאָנע, וועסטו שוין וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָרט...

מיר האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז מיר וועלן אַלע דריי פאָרן אין די בערג פון גאָסען. צוויי חברים וועלן בלייבן דאָרטן, און איך וועל אַריבערפאָרן קיין גיבראַל־טאַר, אַלס אַ סוחר מיט פּירות. איינער פון אונזערע מענשן האָט מיך אין ראָנדאַ פאַרזאָרגט מיט אַ פּאַס; אין גאָסען האָב איך געקראָגן אַן אייזל. איך האָב אים אָנגעלאָדן מיט פּאָמעראַנצן און מעלאָנען און האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אַז איך בין אָנגעקומען אין גיב־ראַלטאַר, האָב איך געזעהן, אַז ראָלאָנען קען מען זעהר גוט, נאָר אַז זי איז שוין געשטאָרבן אָדער גלאַט אַוועק צו אַלדי שוואַרץ יאָר*). דאָס איז געווען, לויט מיין מיינונג, די סבה, וואָס מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט ניט געקאָנט געפינען קיין מיטל, ווי אַזוי צונויפרעדן זיך מיט קאַרמען. איך האָב אַריינגעשטעלט מיין אייזל

*) à finibus terrae הייסט אַוועקגיין אין תפיסה אָדער צום טייוול

אין שטאַל, גענומען מיינע פּאָמעראַנצן און געלאָזן זיך איבער דער שטאָט כלומרשט צו פאַרקויפן מיין סחורה. אין דער אמתן אָבער האָב איך געוואָלט זעהן, צי מען טרעפט דאָ ניט ערגעץ אַ באַקאַנט פּנים. אין גיבראַלטאַר איז אַן ערב רב פון דער גאַנצער וועלט, עס איז דאָרט אַן אמתער דור הפלגה, וואָרום קוים מאַכט מען צען טריט ערגעץ אין אַ גאַס, אַזוי הערט מען שוין צען לשונות. איך האָב געטראָפן אַ סך ציגיינערס, אָבער דערציילן זיי, ווער איך בין, האָב איך מורא געהאַט; איך האָב באַ זיי געטאַפּט דעם דופק. מיר האָבן זיך איינע די אַנדערע זעהר גוט פאַרשטאַנען און האָבן באַלד געזעהן, אַז מיר זיינען אַלע גנבים. מער ניט, מיר האָבן ניט געוואוסט, צו וואָס פאַר אַ חברה מיר געהערן; און דאָס איז אין דעם איצטיגן פאַל געווען דער עיקר. צוויי טעג האָב איך אַזוי אַרומגעשמייעט און האָב גאָר־נישט אויסגעפירט, איך בין גאָרנישט געוואָר געוואָרן בנוגע צו ראָלאָנען און אויך ניט בנוגע צו קאַרמענען. איך האָב שוין געהאַט בדעה אומצוקערן זיך צו מיינע חברים און האָב נאָר פריהער געוואָלט עפּעס איינקויפן אין שטאָט. ערשט גייענדיג אין אַ גאַס בשעת זון־פאַרגאַנג, הער איך אַ קול פון אַ פרוי, וואָס קוקט אַרויס פון אַ פענסטער און רופט מיר צו: „פּאָמעראַנצן־פאַרקויי־פער!". איך הויב אויף דעם קאָפּ און דערזעה קאַרמענען. זי איז געשטאַנען אויף אַ באַלקאָן, אָנשפאַרנדיג זיך אָן די פאַרענטשעס; אינאיינעם מיט איר איז געשטאַנען אַן אָפיצער, אָנגעטאָן אין אַ רויטן מונדיר, מיט גילדערנע עפּאָלעטן, פריזירטע האָר, אין דער געשטאַלט — פון

אַ וויכטיגן ענגלישן פּריץ. זי גופא איז געווען אָנגעטאָן, אַז עס איז געווען אַ פּראַכט: אַ שאַל איבער די פּלייצעס, אַ גילדערנער קאַם, דאָס גאַנצע לייב אין זיירגנס; און די טייערע סחורה, תּמיד די אייגענע! האָט זיך געהאַלטן בּאַ די זייטן לאַכנדיג. דער ענגלענדער, ריידנדיג אַ געהרגעטן שפּאַניש, האָט צו מיר געשריען, איך זאָל אַרויפקומען, וואָרום די מאַדאַם וויל עסן פּאָמעראַנצן; קאַרמען אָבער האָט מיר אַ זאָג געטאָן אויף בּיסקאַאיש:

— גיי אַרויף און וואונדער זיך ניט.

און אין דער אמתן טאַקע, וואָס האָט מיך געקאָנט פאַרחידושן? צי האָב איך געהאַט מער הנאה אָדער מער פאַרדראָס, זיך ווידער בּאַגעגענענדיג מיט איר, ווייס איך ניט אויף געוויס. בּאַ דעם טויער איז געשטאַנען אַ הויכער, אָנגעפּודערטער משרת, אַן ענגלענדער, וועלכער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פּראַכטפולן זאַל. קאַרמען האָט מיר תּיכּף געזאָגט אויף בּיסקאַאיש:

— דו קענסט מיך ניט און פאַרשטייסט ניט קיין איינציג וואָרט שפּאַניש.

דערנאָך האָט זי זיך אַ קער געטאָן צום ענגלענדער:

— וואָס האָב איך אייך געזאָגט? איך האָב תּיכּף דערקענט, אַז דאָס איז אַ בּיסקאַיער; איר וועט בּאַלד הערן, וואָס פאַר אַ משונהדיג לשון דאָס איז. וואָס פאַר אַ נאַרישע צורה ער האָט עס אַבּיסל, ניט אַזוי? פּונקט ווי אַ קאַץ, ווען מען כאַפּט זי אין דער שאַפע מיט עסנוואַרג.

— און דו, האָב איך איר אַ זאָג געטאָן אויף מיין שפּראַך, דו האָסט אַ טריפהנע צורה פון אַ חצופה און

אַ גנבטע; אַי, וואָלט איך דיר איצטער אַ שמיר געגעבן מיטן מעסער איבער דיין פּרצוף פֿאַר דיין ליב־האָבער אין די אויגן.

— מיין ליב־האָבער! — זאָגט זי, — דו האָסט דאָס אַלץ תּיכּף אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען? און צוליב דעם דאָזיגן שוטה, מיינסט דו, בין איך דיר אומטריי געוואָרן? דו ביסט דאָך נאָך נאַרישער איידער אין אונזערע אָוונטן אויף דער קאָנדילערזשער גאַס. ניט שוין זעהסטו ניט, טפּש איינער, אַז איך פֿיר דאָ ציגיינערשע עסקים, און אויף דעם בעסטן אופֿן? דאָס הויז, וואָס דו זעהסט, איז מיינס, גילדענע מטבעות וועל איך אויך האָבן; איך פֿיר אים פֿאַר דער נאָז און איך וועל אים שוין דער־פֿירן צו אַן אָרט, פֿון וואַנען ער וועט נישט קאָנען אַרויס.

— און בנוגע צו מיר, ענטפֿער איך איר, איז אַז דו וועסט פֿירן ווייטער די ציגיינערשע עסקים אויף דעם דאָזיגן אופֿן, וועל איך מאַכן אַזוי, אַז דו וועסט שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן צו עוסקן זיך מיט זיי.

— אוראַי, ווי דען! וואָס ביסט דו מיין מאַן, וואָס דו קאָמאַנדעוועסט מיט מיר? דער סליעפּאַק געפֿינט, אַז עס איז גוט, און דו האָסט זיך נישט אַריינצומישן. נישקשה, דו מעגסט זיין צופֿרידן דערמיט, וואָס אַ חוץ דיר איז נישטאָ קיין איינציגער, וואָס זאָל קאָנען זאָגן וועגן זיך, אַז ער איז מיין ליב־האָבער.

— וואָס זאָגט ער? האָט דער ענגלענדער אַ פֿרעג געטאָן.

— ער זאָגט, אַז ער וויל אַ טרונק און אַז ער וואָלט גריי'ליך געוואָלט נעמען אַ קאַפּיטשקע.

און בײַ דער ראָזינגער פּאַרטײַטשונג האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן קאַנאַפּקע, אויספּלאַצנדיק מיט אַ געלעכטער.

אַז דאָס ראָזיגע מײדל האָט געלאַכט, האָט מען בשום אופן ניט געקאָנט רײדן צו דער זאַך. אַלע האָבן געמוזט מיט איר מיטלאַכן. דער ענגלענדער האָט אויך אָנגע־הויבן צו לאַכן, און געלאַכט האָט ער טאַקע ווי אַ טפּש. ער האָט געהײסן, מען זאָל מיר געבן אויסצוטרינקען.

בשעת איך האָב געטרונקען, האָט זי מיר געזאָגט:

— דו זעהסט דעם רינג, וואָס ער האָט אויפֿן פֿינגער? אויב דו ווילסט, קאָן איך אים דיר געבן.

איך האָב געענטפֿערט:

— איך וואָלט ניכער אַוועקגעגעבן מײַן פֿינגער, ווען איך וואָלט דײַן ענגלענדער געקאָנט האַלטן אין די בערג, און איטליכער פֿון אונז זאָל זײַן באַוואָפֿנט מיט אַ מאַקילאַ.

— וואָס איז דאָס אַזוינס אַ מאַקילאַ? האָט געפֿרעגט דער ענגלענדער.

— מאַקילאַ? דאָס איז אַ פּאָמעראַנץ, ענטפֿערט קאַרמען, לאַכנדיק כּסדר, — זאָגט, איז דאָס נישט אַ מאָדנע וואָרט פֿאַר אַ פּאָמעראַנץ? ער זאָגט, אַז ער וואָלט אײַך וועלן אָנקאָרמענען מיט פּאָמעראַנצן.

— טאַקע אַזוי? — האָט געענטפֿערט דער ענגלענ־דער, — נו, טאָ ברײנג מאָרגן ווידער פּאָמעראַנצן.

דערווײַל איז אַרײַן דער משרת און האָט אָנגעזאָגט, אַז דער מיטאָג איז פֿאַרטיק. דער ענגלענדער איז אויפֿ־געשטאַנען, האָט מיר געגעבן אַ פּיאַסטער און גענומען

קאַרמען באַם אָרעם, אַזוי ווי זי וואָלט חולה געווען אַליין צו גיין. קאַרמען, האַלטנדיג כּסדר אין איין לאַכן, האָט מיר געזאָגט:

— מיין אינגעלע, פאַרבעטן דיך אויף מיטאָג, קאָן איך איצט נישט, אָבער מאָרגן, ווי נאָר דו וועסט הערן פּויקן צום פאַראַד, זאָלסטו קומען אַהערצו מיט ריינע פּאָמעד־ראַנצן. דו וועסט געפינען אַ צימער מיט בעסער מעבל, איידער דאָס צימער פון קאַנדילערזשער גאַס, און דו וועסט זעהן, אַז איך בין געבליבן דיין קאַרמענטשיטאַ ווי אַלע מאָל. און דערנאָך וועלן מיר ריידן פון אונזערע ציגיינערשע ענינים.

איך האָב גאָר נישט געענטפערט. אַז איך בין שוין געווען אויף דער גאַס, האָט מיך דער ענגלענדער צו־גערופן:

— ברייננגט מאָרגן מאַקילאַס.

איך האָב געהערט, ווי קאַרמען האָט געלאַכט באַ די ראָזיגע ווערטער.

אַרויסגייענדיג אויפן גאַס, האָב איך ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל טון. באַנאַכט בין איך שלעכט געשלאָפן, און אויף מאָרגן אין דערפריה בין איך געווען אַזוי אין כּעס אויפן פאַלשן באַשעפעניש, אַז איך האָב שוין באַ־שלאָסן אַוועקצופאָרן פון גיבראַלטאַר און ניט זעהן זיך מיט איר; אָבער ווי נאָר איך האָב דערהערט פּויקן, אַזוי בין איך געוואָרן אינגאַנצן אָפּהענטיג: איך האָב גענומען מיין קערבל מיט די פּאָמעראַנצן און בין געלאָפן צו איר. איר פענסטערל איז געווען האַלב געעפנט, און פון דאָרט האָט זיך אַרויסגעזעהן איר גרויס שוואַרץ

אויג, לאָקערנדיג נאָך מיר. דער אָנגעפּורדעוועטער משרת האָט מיך תּיכּף אַריינגעפירט. קאַרמען האָט פאַר אים געפונען אַ שליחות, און ווי נאָר מיר זיינען געבליבן אַליין, האָט זי אַרויסגעפּלאַצט מיט איינעם פון אירע קראָקאָדילישע געלעכטערס, און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיר אויפן האַלז. זי איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי שיין ווי אין יענער רגע. אויסגעפּוצט, ווי דאָס בילד פון אַ הייליגער, מיט פּאַרפומע אויף די האָר און די קליידער... דאָס מעבל אַרום באַדעקט מיט זיידנס... געשטיקטע פאָרהאַנגלאַך... אַ!... און איך אָנגעטאָן ווי אַ גנב, וואָרום וואָס בין איך דען געווען אַנדערש?

— מיין טייערער, זאָגט זי מיר, איך וואָלט וועלן אַלץ צעברעכן און צעשטערן, אָנצינדן די שטוב און אַנטלויפן אין די בערג.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון קושעניש און האַלזעניש!... היינט די געלעכטערלאַך!... זי האָט געטאַנצט און האָט אָפּגעריסן שטיקער פון איר קלייד: קיין שום מאַלפּע וואָלט ניט געקאָנט מאַכן אַזוינע קונציגע העוויות און פּראַווען אַזוינע טייוולשע שטיק. אַז זי איז ווידער מיושבדיג געוואָרן, האָט זי געזאָגט:

— הער נאָר אויס, עס איז אַ ציגיינערשער ענין. איך וויל, אַז ער זאָל מיך אַוועקפירן קיין ראָנדאַ, וואו איך האָב אַ שוועסטער, אַ מאָנאַשקע... (אַ נייער געלעכטער). מיר וועלן דורכפאָרן אַן אָרט, וואָס איך וועל דיר לאָזן וויסן. איר זאָלט אַלע אָנפאַלן אויף אים און באַראַבעווען פון קאָפּ ביז פיס. בעסער פאַר אַלץ וואָלט געווען, ווען מען וואָלט אים אַוועקגעלעגט אויפן אָרט, אָבער...

ראָ האָט זי אַ שמייכל געטאָן מיט יענעם טייוולעשן שמייכל, וועלכער פלעגט זיך באַווייזן אויף אירע ליפּן אין געוויסע מינוטן, און וועלכן קיינעם האָט זיך ניט געגלוסט נאָכצומאַכן — ווייסט דו, וואָס מען דאַרף טון? דער סליעפּאַק זאָל אַרויסטרעטן אַפריהער, און איר אַלע זאָלט זיך האַלטן פון הינטן. דער איז כּלל ניט קיין פּחדן און זעהר רירעווּדיג; ער האָט גוטע פּיסטאָלעטן... פאַרשטייסט דו שוין?...

זי האָט זיך אַליין איבערגעשלאָגן מיט אַ נייעם געלעכ־טער. הערנדיג דאָס, איז מיר דורכגעלאָפן אַ שווידער דורכן לייב.

— ניין, זאָג איך איר, גאַרציאַן האָב איך טאַקע פיינט. אָבער ער איז מיינער אַ חבר. ווען עס איז וועסט דו פּטור ווערן פון אים דורך מיין האַנט, אָבער איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט אים אויף אונזער שטייגער, אויף דעם שטייגער פון אונזער מרינה. אַ ציגיינער בין איך נאָר על פּי מקרה, און אין געוויסע זאַכן וועל איך תּמיד בלייבן אַ „פּרייער נאַוואַררער", ווי די וועלט זאָגט.

זי האָט מיר געענטפערט:

— דו ביסט אַ בהמה, אַ טפּש, אַן אמתער פאַיללאָ. דו ביסט ווי יענער קאַרליק, וואָס מיינט, אַז ער איז גרויס, ווען ער קאָן ווייט אַ שפּיי טון. דו האָסט מיך ניט האָלט, גיי אַוועק.

אַז זי פלעגט מיר זאָגן גיי אַוועק, פלעג איך גראָד נישט קאָנען אַוועקגיין. איך האָב איר צוגעזאָגט אומ־צוקערן זיך צו אונזערע חברים און אָפּצוּוואַרטן דעם ענגלענדער, זי פון איר צד האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי

וועט בלייבן קראַנק ביז צו דער מינוט, ווען מען וועט דאַרפן פאַרלאָזן גיבראַלטאַר און פאָרן קיין ראָנדאַ. איך בין נאָך פאַרבליבן צוויי טעג אין גיבראַלטאַר. זי האָט געהאַט דעם מוט צו קומען צו מיר אַ פאַרשטעלטע אין מיין אכסניה, איך בין אָפּגעפאָרן; איך האָב מיר געהאַט מיינע פּלענער. איך האָב זיך אומגעקערט צו דעם אָרט, וואָס מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז מיר וועלן זיך דאָרט טרעפן; ווען און וואו דער ענגלענדער מיט קאַרמען דאַרפן פאַרבייפאָרן, האָב איך שוין געוואוסט. גאַרציאַ און דאַנקאַיר זיינען שוין דאָרט געווען און האָבן געוואַרט. מיר האָבן פאַרבראַכט די נאַכט אין אַ וועלדל בּאַ אַ פייער פון שישקעס, וואָס האָט געברענט און געפלאַקערט, אַז עס איז געווען אַ מחיה צו קוקן. איך האָב גאַרציאַן פאָרגעשלאָגן צו שפּילן אין קאָרטן. ער איז מרוצה געווען. בּאַם צווייטן קאָן האָב איך אים געזאָגט, אַז ער דרייט; ער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן. איך האָב אים אַ וואָרף געטאָן די קאָרטן אין פּנים אַריין; ער האָט זיך שוין געכאַפּט פאַר זיין ביקסל; איך האָב עס צוגעהאַלטן מיטן פוס און האָב אים געזאָגט: „מען זאָגט, אַז דו קאָנסט מיט דיין מעסער מאַכן אַזוינע קונצן, ווי דער בעסטער וואוילער יונג אין מאַלאַגע, ווילסט דו אַ פּרוב טון מיט מיר?" דאַנקאַיר האָט אונז געוואָלט צעשיידן, איך האָב אָבער גאַרציאַן צוויי מאָל אַ זעץ געגעבן מיטן פויסט, און דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט, ער האָט אַרויסגעצויגן זיין מעסער, און איך האָב געטאָן דאָס אייגענע. מיר האָבן ביידע געזאָגט דאַנקאַירן, ער זאָל מאַכן פאַר אונז אַ וואַרע און זיך נישט אַריינמישן אין

אונזער געשלעג. ער האָט געזעהן, אַז איצט וועט שוין קיין זאַך נישט העלפן און האָט זיך אָפּגערוקט. גאַרציאַ האָט זיך שוין איינגעבויגן אין צווייען, ווי אַ קאַץ, וואָס איז גרייט זיך אַ וואָרף צו טון אויף אַ מויז. אין דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן זיין היטל, כדי זיך צו באַשיצן פון מיינע אָנפאַלן, און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער אַנטקעגנגעהאַלטן זיין מעסער. דאָס איז דער אַנדאַלוזישער שטייגער. איך אָבער האָב זיך אַוועקגעשטעלט אויף דעם נאַוואַררער שטייגער, פּנים אל פּנים אַנטקעגן אים, דעם אָרעם אין דער הייך, דעם לינקען פוס נאָך פאָרנט, דאָס מעסער אין דער לייגג פון מיין רעכטער היפט. איך האָב אין זיך געפילט דעם כח פון אַ גלית הפּלישתי. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר ווי אַ פייל פונם בויגן; איך האָב זיך אַ דריי געטאָן אויפן לינקען פוס, אַזוי אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ליידיגן פּלאַץ; דאָ אָבער האָב איך אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן גאָרגל, און מיין מעסער איז אַריין אַזוי טיף, אַז מיין האַנט האָט זיך געפונען אונטער זיין קין. איך האָב אומגעדרייט דעם שטאָל מיט אַזאַ כח, אַז ער האָט זיך צעבראָכן. דאָס איז שוין געווען דער סוף. ער איז אַנידערגעפאַלן אויפן פּנים אומבאַוועגליך ווי אַ קלאָץ.

— וואָס האָסט דו געטאָן? האָט מיר ראַנקאַיר געזאָגט.

— הער, זאָג איך אים, מיר האָבן ביידע ניט געקאָנט לעבן צוזאַמען. איך האָב האָלט קאַרמענען און איך וויל נישט האָבן אַ צווייטן באַ מיר. אַגב איז גאַרציאַ געווען

אַ זשוליק, און איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט זיך באַגאַנ־
גען מיט דעם אומגליקליכן ראַמענדראַראָ. מיר זײַנען
בסך הכּל צוויי זאַלבאַנאַנד, אָבער מיר זײַנען גוטע
בּרידער. נו, ווילסט דו מיך האָבן פאַר אַ פרײַנט אויף
לעבן און טויט?

ראַנקאַיר האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט אַלס
סימן פון הסכּמה. דאָס איז געווען אַ מענש פון אַ
יאָר פופציג.

— אָט די אַלע ליבעס זאָלן גיין אין דער ערד!
האָט ער אויסגערופן. ווען דו וואָלסט בּאַ אים געבעטן
קאַרמענען, וואָלט ער זי דיר פאַרקויפט פאַר אַ פּיאַסטער!
מיר זײַנען סך הכּל צוויי מענשן; וואָס וועלן מיר טון
מאָרגן?

— דו לאָז מיך נאָר אַליין און מיש זיך ניט. איצט
לאַך איך פון דער גאַנצער וועלט.

מיר האָבן גאַרציאַן באַגראָבן און זיך פאַררוקט
אויף צוויי הונדערט טריט ווײַטער. אויף מאָרגן זײַנען
קאַרמען און דער ענגלענדער דורכגעפאָרן מיט צוויי
מוילאייזל־טרײַבערס און אַ משרת. איך זאָג צו ראַנ־
קאַירן:

— איך נעם אויף זיך דעם ענגלענדער. דו דער־
שרעק די אַנדערע; זיי זײַנען ניט באַוואָפנט.

דער ענגלענדער האָט געהאַט מוט. ווען נישט קאַר־
מען וואָלט אים אַ שטויס געטאָן אין אָרעם, וואָלט ער
מיך דערהרגעט. בּקיצור, אין יענעם טאָג האָב איך
זי ווידער געקראָגן. איך האָב איר תּיכף מודיע געווען,

אַז זי איז אַן אַלמנה, און האָב איר דערציילט אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען. זי אָבער האָט מיר געזאָגט:

— דו וועסט אַלע מאָל בלייבן אַ טפש! גאַרציאַ האָט דיך באַדאַרפט אַוועקהרגענען. דיין נאַוואַררעשער שטיי־גער אין הלכות פעכטן איז אַ שטות; ער האָט אַוועק־געשיקט אויף יענער וועלט גרעסערע בריהם פאַר דיר. ער איז געשטאָרבן, ווייל זיין צייט איז געקומען, און דיין צייט וועט אויך קומען.

— און אויך דיין צייט וועט קומען, אויב דו וועסט פאַר מיר ניט זיין קיין אמת ווייב, ווי עס באַדאַרף צו זיין, — האָב איך איר געענטפערט.

— מ ה י כ א ־ ת י ת י, האָט זי געזאָגט. איך האָב עטליכע מאָל אויסגעפאָרשט מיין גורל אין דעם אָפּזאַץ פון קאַווע און איך האָב דאָרט געזעהן, אַז מיר וועלן שטאַרבן צוזאַמען. עט! זאָל קומען, וואָס עס וויל.

זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט אירע קאַסטאַניעטקעס. זי האָט עס אַלע מאָל געטאָן, ווען זי האָט געוואָלט פאַרטרייבן אַ טרויעריגן געדאַנק. אַז מען רעדט פון זיך, פאַרגעסט מען זיך. אַלע די דאָזיגע פרטים האָבן אייך אוראי גוט דערעסן, אָבער איך האַלט שוין באַם סוף. דאָס לעבן, וואָס מיר האָבן געפירט, האָט געדרויערט אַ היפש ביסל. דאַנקאַיר און איך, מיר ביידע, האָבן אַריינגענומען אין אונזער קאָמ־פּאַניע אַ פּאָר נייע חברים, אויף וועמען מען האָט זיך געקאָנט מער פאַרלאָזן איידער אויף די פריהעררדיגע, און מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט קאָנטראָבאַנדע. איך בין זיך מורה ומתורה, אַז עטליכע מאָל פלעגן מיר אַרויס־גיין אויפן גרויסן שליאַך, כדי אָנצופאַלן אויף די דורכ־

פאָרערס, אָבער דאָס איז געווען אין די צייטן פון דער גרעסטער נויט, ווען מיר האָבן שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. צוריק גערעדט אָבער, האָבן מיר זיך קיינ־מאָל ניט באַגאַנגען שלעכט מיט די דורכפאָרערס; מיר פלעגן זיך באַגעגנוגענען דערמיט, וואָס מיר פלעגן באַ זיי צונעמען דאָס געלט. אין אַ משך פון עטליכע חדשים בין איך געווען מיט קאַרמענען זעהר צופרידן; זי איז געווען אַזוי ווי פריהער זעהר נוצליך פאַר אונזערע געשעפטן, און זי פלעגט אונז אָפט אָנזאָגן מכּח נייע עסקים, וואָס מיר קאָנען אויספירן. זי פלעגט וואוינען אַמאָל אין מאַלאַגע, אַמאָל אין גראַנאַדע און אַמאָל אין קאָרדאָווע; קוים אָבער פלעג איך זאָגן אַ וואָרט, פלעגט זי אַלץ פאַרלאָזן און אַראָפּקומען צו מיר, וואו איך זאָל זיך ניט געפונען, אין אַ פּוסטער אכסניה אָדער אויך אויפן פרייען פעלד. מער נישט אין מאַלאַגע האָט זי מיך איינמאָל אַביסל באַאומרוהיגט. איך האָב גע־וואוסט, אַז זי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַ רייכן סוחר, מיט וועמען זי האָט, משמעות, געוואָלט פראַווען די זעל־ביגע שטיק, ווי זי האָט געפּראַוועט מיט דעם ענגלישן אָפיצער אין גיבראַלטאַר. ניט קוקנדיג אויף אַלע פּרובן, וועלכע דאַנקאַיר האָט געמאַכט, כּדי מיך אָפּצוהאַלטן פון מיין פלאַן, בין איך דאָך אָפּגעפאָרן און אַריין אין מאַלאַגע אין מיטן העלן טאָג. איך האָב קאַרמען אויפ־געזוכט און אַוועקגעפירט מיט זיך. עס איז געקומען צווישן אונז צו אַ האַרבן סכסוך.

— ווייסט דו, זאָגט זי מיר, אַז זייט דו ביסט מיין מאַן כּרבעי, האָב איך דיך ווייניגער האָלט, ווי דאַן, ווען

דו ביסט געווען מיין ליבּ־האָבּער ? איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך מוטשען, און נאָך ווייניגער, אַז מען זאָל מיט מיר קאָמאַנדעווען. איך וויל זיין פריי און טון, וואָס עס גלוסט זיך מיר. היט זיך פאַר מיר און בריינג מיך ניט אַרויס פון געדולד. אויבּ דו וועסט מיר דערעסן מיט דיינע גיינג, וועל איך שוין געפינען אַ וואוילן יונג, פון וועמען דו וועסט כאַפּן דעם אייגענעם פסק, וואָס דער סליעפּאַק האָט געכאַפּט פון דיר.

ראַנקאַיר האָט זיך אַריינגעמישט און ס׳איז ווידער שלום געוואָרן צווישן אונז. אָבּער מיר האָבּן זיך איינער דעם אַנדערן געזאָגט אַזוינע זאַכן, וועלכע מען קאָן ניט פאַרגעסן און וועלכע זיינען אונז געבּליבּן אויפן האַרצן ; לכל הרעות זיינען מיר שוין נישט געווען די אייגענע, וואָס פריהער. אַ קורצע צייט נאָך דעם אַלעם האָט מיט אונז פאַסירט אַן אומגליק. מיר זיינען באַפאַלן געוואָרן פון סאָלדאַטן. ראַנקאַיר איז געהרגעט געוואָרן און מיט אים אינאיינעם זיינען געהרגעט געוואָרן נאָך צוויי פון מיינע חברים. צוויי אַנדערע זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די סאָלדאַטן; איך האָבּ נעקראָגן אַ מסוכּנדיגע וואונד, און ווען ניט מיין גוטער פערד, וואָלט איך אויך געבּליבּן בּאַ די סאָלדאַטן אין די הענט. אַ פאַרמאַטערטער, מיט אַ קויל אינם לייבּ, האָבּ איך זיך באַהאַלטן אין אַ וואַלד אינאיינעם מיט דעם איינציגן חבר, וואָס איז מיר פאַרבּליבּן. אַראָפּלאָזנדיג זיך פונם פערד, בין איך געפאַלן אין חלשות און איך האָבּ שוין געמיינט, אַז אָט, אָט שטאַרבּ איך שוין אַוועק אין די קוסטעס, ווי אַ פאַרוואונדעטער האָז. מיין חבר האָט מיך צו־

געטראָגן צו אַ הייל, וועלכע מיר ביידע האָבן געקענט, און איז געגאַנגען אויפזוכן קאַרמענען. זי איז געווען אין גראַנאַדע. זי איז תּיכּף געקומען צו לויפן. אין אַ משך פון פופצען טעג איז זי ניט אָפּגעטראָטן פון מיין געלעגער אויף קיין איינציגער מינוט. זי האָט ניט צוגעמאַכט קיין אויג; זי האָט מיך געפּילעוועט מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט, ווי קיין איינציגע פרוי אין דער וועלט פאַר איר בעסטן ליבּ־האָבער. ווי נאָר איך האָב זיך געקאָנט שטעלן אויף די פיס, האָט זי מיך אַוועקגעפירט קיין גראַנאַדע בשתיקה. ציגיינערקעס האָבן אומעטום באַוואָרנטע ערטער, און איך האָב פאַרבראַכט איבער זעקס וואָכן אין אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען אין אַ מרחק פון סך הכּל צוויי הייזער פון יענעם סוריאַ, וואָס האָט מיך געזוכט. עטליכע מאָל האָב איך, אַרויסקוקנדיק פון הינטער מיין לאָדן, אים געזעהן פאַרבייגיין. איך בין סוף כּל סוף געזונט געוואָרן. אָבער אין דעם משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין געלעגן אויפן קראַנקען בעט האָב איך אַ סך איבערגעטראַכט און איך האָב באַשלאָסן איבערצואַנדערשן מיין ביז איצטיגס לעבן. איך האָב עס קאַרמענען דערציילט און געזאָגט, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן די שפּאַנישע מדינה און אָנהויבן צו פירן אַן ערליך לעבן ערגעץ וואו אין אַמעריקע. זי האָט געלאַכט פון מיר.

— מיר, זאָגט זי, זיינען ניט באַשאַפן צו פאַרפלאַנצן קרויט; אונז איז באַשערט צו לעבן אויף דעם חשבון פון די פּאַיללאָס. הער זשע צו, איך האָב דאָ ניט לאַנג פאַרפירט אַן עסק מיט נתן בן יוסף פון גיבראַלטאַר.

ער האָט פּעק מיט באַזל, וואָס וואַרטן נאָר אויף דיר, כּדי דו זאָלסט זיי אַריבערפירן. ער ווייס, אַז דו לעבסט. ער רעכנט אויף דיר. וואָס וועלן זאָגן אונזערע קונדן אין גיבראַלטאַר, ווען דו וועסט ניט האַלטן קיין וואָרט?

איך האָב זיך געלאָזט איינריידן און האָב ווידער אָנגעהויבן מיינע מיאוסע עסקים.

בעת איך בין געזעסן פאַרבאַהאַלטן אין גראַנאַדע איז דאָרט פאָרגעקומען אַ וועטגעלויף מיט אָקסן. קאַרמען איז אַהינצו געגאַנגען. צוריקקומענדיג פון דאָרטן, האָט זי אַ סך גערערט מכּח אַ בריהשן רייטער, וועלכער האָט געהייסן לוקאַס, זי האָט שוין געוואוסט, ווי מען רופט זיין פערד און וויפיל עס האָט געקאָסט זיין געשטיקט וועסטל. מיך האָט די גאַנצע זאַך נישט געאַרט. ושואַניטאָ, דער איינציגער חבר, וואָס איז מיר איבערגעבליבן, האָט מיר אין עטליכע טעג אַרום געזאָגט, אַז ער האָט געזעהן קאַרמענען צוזאַמען מיט לוקאַסן בּאַ אַ סוחר פון טסאַקאַטען. דאָס האָט מיך שוין באַאומרוהיגט. איך האָב באַ איר געפרעגט, ווי אַזוי אַרום און צוליב וואָס זי איז באַקאַנט געוואָרן מיט דעם ראָזיגן רייטער.

— דאָס איז אַ יונג, האָט זי מיר געזאָגט, מיט וועמען מען קאָן מאַכן אַ געשעפט. אַ טייך, וואָס רעשט, האָט אין זיך וואַסער אָדער שטיינער*). באַם וועטגעלויף האָט ער פאַרדינט צוועלף הונדערט רעאַלן**). איינס פון די ביידע: אָדער מען דאַרף באַ אים צו־

*) אַ ציגיינערש ווערטל. **) אַ שפּאַנישע מטבע.

נעמען דאָס געלט, אָדער מען דאַרף אים אַריינגעמען אין אונזער חברה, וואָרום ער איז אַ בריה אין רייטן און סתּם אַ גוטער ברודער. פון אונזער קאָמפּאַניע איז דער און יענער געשטאָרבן, און מיר נויטיגן זיך אין מענטשן. נעם אים מיט מיט זיך.

— נישט אים און נישט זיין געלט באַדאַרף איך, ענטפער איך איר, און איך הייס דיר, אַז דו זאָלסט פון אים מער נישט ריידן.

— היט זיך, זאָגט זי מיר, אַז מען לאָזט מיך עפּעס נישט טון, טו איך עס רוקא!

צום גליק איז לוקאַס אַוועקגעפאָרן קיין מאַלאַגע, און איך האָב זיך גענומען צום עסק מיט דעם אירנס באַוול. מיט דער ראָזיגער אַרבעט בין איך געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען — און קאַרמען אויך, — אַז איך האָב אָן לוקאַסן אינגאַנצן פאַרגעסן. און אפשר האָט אים קאַרמען אויך פאַרגעסן, לכל הפּחות בעת דער ראָזיגער מינוט. אין יענער צייט האָב איך זיך דאָס געטראָפן מיט אייך, פריהער ניט ווייט פון מאָנטיללאַ, און דערנאָך אין קאָרדאָווע. איך וועל מיט אייך נישט ריידן פון יענעם מאָל, ווען מיר האָבן זיך צום לעצטן מאָל געזעהן. איר ווייסט אפשר מער ווי איך. קאַרמען האָט בּאַ אייך גענגבהט דעם זייגער און האָט נאָך געוואָלט צונעמען בּאַ אייך דאָס געלט, באַזונדערס יענעם רינג, וואָס איר טראָגט אויפן פינגער. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ כּשוף־רינג, און דערפאַר האָט ער אין אירע אויגן געהאַט נאָך אַ באַזונדערע חשיבות. צווישן אונז האָט זיך דאַן אַנטוויקלט אַ שאַרפער וכּוח, און

איך האָב זי געשלאָגן. זי איז בלאַס געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו וויינען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זי געזעהן וויינען, און דאָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שרעקליכן רושם. איך האָב געבעטן, זי זאָל מיר מוחל זיין, נאָר זי איז מיט מיר געווען ברוגז אַ גאַנצן טאָג, און אַז איך בין אָפּגעפּאָרן קיין מאָנטיללאַ, האָט זי מיך נישט געוואָלט קיין קוש געבן. אויפן האַרצן איז מיר געווען קאַלאַמוטנע, אָבער אין דריי טעג אַרום איז זי ווידער געקומען צו מיר אַ לאַכנ־דיגע און אַ פרייליכע ווי אַ פייגעלע. אַלץ איז פאַרגעסן געוואָרן, און מיר ביידע האָבן אויסגעזעהן, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך פאַרליבט איינער אין דעם אַנדערן ערשט מיט צוויי טעג צוריק. ווען מיר האָבן געהאַלטן באַם צעשיידן זיך, גיט זי מיר אַ זאָג:

— אין קאָרדאָווע איז איצט אַ יום־טוב, און איך גיי אַהינצו, אַ חוץ דעם, ווייס איך פון עטליכע מענשן, וואָס פירן מיט זיך געלט, און איך וועל עס דיר באַצייטנס אָנזאָגן.

איך האָב זי געלאָזט גיין אַהינצו. נאָר וועגן דעם יום־טוב און וועגן דעם שינוי אין קאַרמענס שטימונג האָב איך זיך אַביסל פאַרטראַכט. ווי באַלד, אַז זי איז די ערשטע געקומען צו מיר, האָב איך מיר געקלערט, האָט זי שוין מן הסתם געפונען אַ מיטל זיך נוקם זיין אָן מיר. פון אַ פויער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין קאָרדאָווע קומט פאָר אַ וועטגעלויף מיט אָקסן. דער־הערנדיג אַזאַ מעשה, בין איך געוואָרן אַן אויפגע־קאָכטער און האָב זיך געלאָזט ווי אַ משוגענער צום

פלאַץ פון דעם וועטגעלויף. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף לוקאַסן; אויף אַ באַנק הינטער דער אָפּצאָמונג איז געזעסן קאַרמען. פאַר מיר איז גענוג געווען אַ קוק צו טון אויף איר — און איך בין שוין געווען בטוח אין מיין זאַך. באַם אַרויסגאַנג פון דעם ערשטן אָקס האָט שוין לוקאַס אָנגעהויבן צו מאַכן חנרעלאַך, ווי איך האָב מיר דאָס שוין פריהער אויסגעמאָלט. ער האָט אַראָפּגעריסן די בענדלאַך, מיט וועלכע דער אָקס איז געווען באַהאַנגען, און האָט זיי איר צוגעטראָגן. זי האָט זיי תיכף אָנגעטאָן אויפן קאָפּ. אַפּנים, אַז דער אָקס האָט גענומען אויף זיך די שליחות זיך נוקם צו זיין פאַר מיר, ווארום ער האָט אומגעוואָרפן לוקאַסן איניינעם מיט זיין פערד. איך גיב אַ קוק אויף קאַרמען — ערשט זי איז שוין נישטאָ. איך האָב שוין געוואָלט פאַר־לאָזן מיין אָרט, אָבער דאָס איז שוין געווען אוממעגליך, און איך האָב געמוזט אָפּוואַרטן ביזן סוף פונם שפּיל. איך בין דאַן אַוועק צו דער שטוב, וואָס איז אייך שוין באַוואוסט, און האָב דאָרט פאַרבראַכט שטילערהייט אַ גאַנצן אָוונט און אַ טייל פון דער נאַכט. אַרום צוויי אַזייגער אין דערפריה איז קאַרמען צוריקגעקומען. זי האָט זיך, משמעות, ניט געריכט אויף מיר.

— קום, לאָמיר גיין, זאָג איך איר.

— גוט, זאָגט זי, לאָמיר גיין!

איך האָב אָנגעזאָטלט מיין פערד, האָב זי אַרויפגע־זעצט אויף דעם הינטערשטן טייל, און מיר זיינען געריטן שווייגנדיג די גאַנצע איבעריגע נאַכט. באַטאָג זיינען מיר שטיין געבליבן באַ אַ פוסטער אכסניה, וואָס איז

געשטאַנען איינע אַליין נעבן אַ קליינער וואוינונג פון אַ גזיר. דאָרטן האָב איך איר געזאָגט:

— הער מיך אויס, איך וויל אָן אַלץ פאַרגעסן; איך וועל מיט דיר וועגן קיין זאַך פון אונזער עבר ניט ריידן; נאָר שווער מיר איין זאַך: אַז דו וועסט מיט מיר פאָרן קיין אַמעריקע און דו וועסט דאָרטן לעבן רוהיג.

— ניין, האָט זי געענטפערט אין אַ ברוגזדיגן טאָן, איך וויל נישט פאָרן קיין אַמעריקע, מיר איז דאָ גאַנץ גוט.

— ווייל דו ביסט ניט ווייט פון לוקאַסן; אָבער באַטראַכט זיך נאָר אַביסל; ווען ער וועט ווערער גע־וונט ווערן, וועט ער נישט זיצן ליידיג. און צוריק גע־רעדט, פאַרוואָס עפּעס זאָל איך זיך דאָס נעמען צו אים? מיר איז שוין נמאס געוואָרן צו דערהרגענען דיינע ליבּ־האָבּערס; איך וועל בעסער זיך אַליין דערהרגענען.

זי האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן און מיר געזאָגט:

— איך האָבּ אַלע מאָל געוואוסט, אַז דו וועסט מיר מאַכן דעם טויט. בעת איך האָבּ דיך דערזעהן צום ערשטן מאָל, האָבּ איך געהאַט באַגעגנט אַ גלח נעבן דער טיר פון מיין שטוב. און היינטיגע נאַכט, בעת מיר זיינען אָפּגעפאָרן פון קאָרדאָווע, האָסטו גאָר נישט געזעהן? אַ האָז איז דורכגעלאָפן צווישן די פיס פון דיין פערד. מיין גורל איז געחתמעט.

— קאַרמענטשיטאַ, האָבּ איך זי געפרעגט, ניט שוין ושע האָסטו מיך נישט מער ליבּ?

זי האָט גאָר נישט געענטפערט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ראָגאָזשע, די פיס פאַרלייגט אויפן טערקישן שטייגער און האָט אָנגעהויבן מיטן פינגער צו צייכענען אויפן זאַמד.

— לאָמיר איבעראַנדערשן אונזער לעבן, קאַרמען, האָב איך איר געזאָגט אין דעם טאָן פון אַ בקשה, לאָמיר ערגעץ לעבן, וואו מיר וועלן תּמיד זיין אינאיינעם. דו ווייסט דאָך, אַז ניט ווייט פון דאַנעט ליגן אונטער אַ רוב באַגראָבן הונדערט און צוואַנציג אָנצעס*)... און אַ חוץ דעם, האָבן מיר געלט באַ דעם אירן בן יוסף.

זי האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען און האָט מיר געזאָגט:

— פריהער איך, און דערנאָך דו. איך ווייס, אַז אַזוי דאַרף עס קומען.

— באַקלער דעם ענין, האָב איך געענטפערט, איך האָב שוין אָנגעוואָרן מיין גאַנצן געדולד און מיין גאַנצן מוט. באַשליס דו און איך וועל אויך באַשליסן.

איך האָב זי געלאָזט אַליין און בין אַרומגעגאַנגען אַרום דעם הויז פון דעם נזיר. דער נזיר איז גראָד געשטאַנען און האָט געדאַוונט. איך האָב געוואַרט, ביז ער וועט ענדיגן זיין תּפילה. איך האָב אויך געוואָלט מתפּלל זיין, אָבער איך האָב ניט געקאָנט. אַז ער האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן, בין איך צו אים צוגעגאַנגען.

— פאָטער, האָב איך אים געזאָגט, ווילט איר מתפּלל זיין פאַר אַ מענשן, וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסער סכּנה?

*) אַזאַ מטבע.

— איך בין מתפלל פאַר אַלע, וואָס האָבן צער, — האָט ער געענטפערט.

— ווילט איר מאַכן אל מלא רחמים פאַר אַ נשמה, וואָס דאַרף זיך אפשר אַוועקשטעלן פאַר דעם רבונו של עולם ?

— יאָ, ענטפערט ער, אָנשטעלנדיג אויף מיר די אויגן.

און היות ווי איך האָב געהאַט אַן אויסטערלישן אויסדרוק אין מיין געזיכט, האָט ער מיך געוואָלט אַריינ־ברייננגען אין אַ שמועס.

— מיר דוכט, אַז איך האָב אייך ערגעץ וואו געזעהן, האָט ער געזאָגט. איך האָב אַוועקגעלעגט אויף זיין באַנק אַ פיאַסטער.

— ווען וועט איר מאַכן אל מלא רחמים ?

— אין אַ האַלבער שעה אַרום. דעם בעל־אַכסניהס זון דאַרף קומען, ער וועט עס באַלד מאַכן. זאָגט מיר אָקאָרשט, יונגער מאַן, צי האָט איר נישט עפּעס אַזוינס אויפן האַרצן, וואָס מוטשעט אייך ? ווילט איר אויסהערן די עצה פון אַ קריסט ?

איך האָב געפילט, אַז אָט, אָט הויב איך אָן צו וויינען. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל באַלד צוריקקומען, און בין אַנטלאָפן. איך האָב זיך געלעגט אויף דער ערד און געוואַרט, ביז דער גלאָק וועט אָנהויבן צו קלינגען. ווי נאָר דער גלאָק האָט אַ קלונג געגעבן, בין איך צוגעגאַנגען, אָבער אין קלויסטערל בין איך נישט אַריין. אַז די תפילה איז פאַרענדיגט געוואָרן, האָב איך זיך אומגעקערט צו דער אַכסניה. איך האָב געמיינט, אַז

קאַרמען וועט אַנטלויפן; זי האָט געקאָנט נעמען מיין פערד... אָבער זי איז געבליבן זיצן. זי האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל זאָגן, אַז זי האָט מורא געהאַט פאַר מיר. בעת מיין אָפּזיין האָט זי אָפּגעטרענט דעם זוים פון איר קלייד, כּדי אַרויסצונעמען פון דאָרט דעם בליי. איצט איז זי געזעסן פאַר אַ טיש, קוקנדיג אין אַ טעלער, פול מיט וואַסער, אין וועלכן זי האָט געהאַט צעפירט דעם בליי. זי איז געווען אַזוי פאַרטון אין איר כּשוף, אַז זי האָט מיין צוריקקומען נישט באַמערקט. דאָ האָט זי גענומען אַ שטיקל בליי, דרייענדיג עס פון אַלע זייטן מיט אַן אומעטיגער מינע, דאָ האָט זי געזונגען יענע כּשוף־לידער, וואו עס ווערט גערופן מאַריע פּאַדיללאַ, די געליבטע פון דאָן פּעדראָ, פון וועמען מען זאָגט, אַז זי איז געווען די גרויסע קיניגין פון די ציגיינערס.

— איז וואָס קאַרמען, זאָג איך איר, ווילסט דו פאָרן מיט מיר?

זי איז אויפגעשטאַנען, האָט אַ וואָרף געטאָן דעם טעלער אָן אַ זייט און האָט זיך באַדעקט מיטן קאָפּטיכל ווי אַ מענש, וואָס איז גרייט צו גיין. מען האָט מיר צוגעפירט מיין פערד, זי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף זיין הינטערשטן טייל, און מיר זיינען אַוועקגעריטן. אָפּרייטנ־דיג אַ שטיקל וועג, זאָג איך איר:

— הייסט עס, קאַרמען מיינס, אַז דו ווילסט מיט מיר פאָרן, ניט אַזוי?

— ביז אין טויט אַריין, דאָס יאָ, אָבער לעבן מיט דיר, וועל איך שוין נישט.

מיר זיינען געקומען אין אַ שמאָלן דורכגאַנג, וואו עס האָט זיך נישט געפונען קיין לעבעדיגער נפש. איך האָב אָפּגעשטעלט מיין פערד.

— דאָ איז דאָס ? האָט זי געפרעגט.

זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פונם פערד מיט איין איינציגן שפּרונג. זי האָט אַראָפּגענומען דאָס טיכל פון קאָפּ, האָט עס אַ וואָרף געטאָן אָן דער ערד און האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט די הענט אין די באָקעס אַנטקעגן מיר, קוקנדיג מיר גלייך און פעסט אין די אויגן אַריין.

— דו ווילסט מיך אַוועקהרגענען, דאָס זעה איך, האָט זי געזאָגט ; דאָס איז אַ גאָט־זאַך, אָבער נאָכגעבן וועל איך נישט.

— איך בעט דיך, זאָג איך איר, זיי דאָך אַ מענש מיט פאַרשטאַנד. הער מיך אויס ! אַלץ, וואָס איז געווען, איז פאַרגעסן. און פונדעסטוועגן ווייסטו דאָך, אַז דו, און נאָר דו אַליין, האָסט מיך אומגליקליך געמאַכט ; צוליב דיר בין איך געוואָרן אַ גנב און אַ רוצח. קאַרמען ! קאַרמען מיינס ! לאָז מיך ראַטעווען דיך און זיך אַליין מיט דיר צוזאַמען !

— זשאָזע, זאָגט זי מיר, דו פאַרלאַנגסט פון מיר אַזוינס, וואָס איז אוממיגליך. איך האָב דיך מער ניט האָלט, דו אָבער, דו האָסט מיך נאָך האָלט, און דער־פאַר טאַקע ווילסטו מיך אַוועקהרגענען. איך וואָלט דיר געקאָנט זאָגן אַ ליגן, אָבער איך וויל נישט. מיר קאָנען שוין מער נישט לעבן צוזאַמען. אַזוי ווי דו ביסט מיין מאַן, האָסטו דאָס רעכט צו טויטן דיין ווייב ; אָבער

קאַרמען וועט אַלע מאָל בלייבן פריי. אַ ציגיינערקע איז זי געבאָרן געוואָרן, אַ ציגיינערקע וועט זי שטאַרבן.

— הייסט עס, אַז דו ליבסט לוקאַסן?

— יאָ, איך האָב אים ליב געהאַט אויף אַ ווײַלע, אַזוי ווי דיך, און אפשר אַביסל ווייניגער. איצט האָב איך שוין גאָר נישט ליב, און איך האָב מיך פיינט דער־פאַר, וואָס איך האָב דיך אַמאָל ליב געהאַט.

איך בין געפאַלן צו אירע פיס און האָב זיי באַנעצט מיט מיינע טרערן. איך האָב איר דערמאָנט אַלע גליקליכע מינוטן, וועלכע מיר האָבן פאַרבראַכט אינ־איינעם. איך האָב איר פאָרגעשלאָגן צו בלייבן אַ באַנדיט און אַ גזלן, ווי געווען, נאָר כדי ווידער נושא חן זיין בײַ איר. אַלץ, מיין ליבער הער, האָב איך אויסגעפּרובט, אַלץ; איך האָב איר אַלץ פאָרגעשלאָגן, נאָר אַבי זי זאָל מיך ליב האָבן!

זי האָט מיר געזאָגט:

— דיך ווידער ליב האָבן, דאָס איז אוממיגליך. לעבן מיט דיר צוזאַמען וויל איך ניט.

דאָ בין איך געוואָרן אַ צעקאָכטער. איך האָב אַרויס־געצויגן מיין מעסער. איך האָב געוואָלט, אַז זי זאָל קריגן פחד און זאָל זיך בעטן בײַ מיר. אָבער דאָס ראָזינע מיידל איז געווען אַ טייוול.

— ניין, ניין, ניין! האָט זי געענטפערט, טופּנדיג מיטן פוס, און האָט דערבײַ אַראָפּגעצויגן פונם פינגער דעם רינג, וואָס איך האָב איר אַמאָל געהאַט געגעבן, און האָט אים אַ וואָרף געטאָן אין די קוסטעס.

איך האָב איר אַ זעץ געטאָן מיטן מעסער צוויי מאָל. דאָס איז געווען דעם סליעפּאַקס מעסער; איך האָב אים געהאַט צוגענומען, ווייל מיינס איז צעבראָכן געוואָרן. באַם צווייטן זעץ איז זי אַנידערגעפאַלן, ניט אַרויסגעבנדיג פון זיך קיין איינציג קול. נאָך איצט זעה איך פאַר זיך איר גרויס שוואַרץ אויג, וואָס זי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט; דאָס אויג האָט זיך דערנאָך פאַרצויגן מיט אַ נעפּל, און איז דאַן אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. אַ גאַנצע שעה בין איך געבליבן זיצן אַ צעבראָכענער פאַר דעם בר־מינן. דערנאָך האָב איך זיך דערמאָנט, ווי קאַרמען פלעגט זאָגן, אַז זי וויל באַגראָבן ווערן אין אַ וואַלד. איך האָב אויסגעגראָבן אַ גרוב מיט מיין מעסער און האָב זי דאָרט אַריינגעלעגט. אַ לאַנגע צייט האָב איך געזוכט איר רינג און האָב אים צום סוף געפונען. איך האָב אים אַריינגעלעגט אין גרובן נעבן איר אינאיינעם מיט אַ קליין צלמל. אפשר האָב איך דאָס נישט געטאָרט טון... דערנאָך האָב איך זיך אַרויפגעזעצט אויפן פערד, געריטן ביז קאָרדאָווע און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון פּאָליציי. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב זי געהרגעט; איך האָב אָבער נישט געוואָלט זאָגן, וואו זי איז באַגראָבן. דער נזיר איז געווען אַ הייליגער מענש, ער האָט פאַר איר מתפּלל געווען! ער האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים פאַר איר נשמה... אומגליקליך קינד נעבעך! די ציגיינערס זיינען דאָס שולדיג, וואָס זיי האָבן זי אַזוי אויפגעהאָדעוועט.

## IV

שפּאַניע איז איינע פון יענע מדינות, וואו עס גע־
פינען זיך באַ היינטיגן טאָג אין נאָך אַ גרעסערער
צאָל ווי פריהער יענע נע ונרניקעס, וועלכע זיינען צע־
שפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע און זיינען באַוואוסט אונ־
טער דעם נאָמען „באָהעמיענס“, „ושיטאַנאָס“, „ושיפּ־
סים“, „ציגיינערס“ און אַ. וו. דער רוב פון זיי וואוינט,
אָדער ריכטיגער געזאָגט, בלאָנקעט אַרום אין די קאַנטן
פון דרום און מזרח, אין אַנדאַלוזיע אָדער אין עסטראַ־
מאַדור (קיניגרייך מורציע); אַ סך ציגיינערס וואוינען
אין קאַטאַלאָניע; די ראָזיגע ציגיינערס וואַנדרעווען אָפּט
דורך פראַנקרייך. מען טרעפט זיי אָפּט אויף אַלע מערק
פונם פראַנצויזישן דרום. די ציגיינערשע מאַנסבלען באַ־
שעפטיגן זיך געוויינטליך מיט וואָס עס איז פאַר אַ מסחר
אָדער האָבן וואָס עס איז פאַר אַן האַנטאַרבעט; זיי
זיינען פערדהענדלער, וועטערינאַרעס און שערערס פון
מוילאייזלען; זיי פאַרריכטן אויוועלאַך און קופּערן
געציוג, שוין ניט ריידנדיג פון קאָנטראָבאַנדע אָדער
אומגעזעצליכע באַשעפטיגונגען. די ווייבער וואַרפן
קאָרטן, בעטן נדבות, פאַרקויפן כלערליי קרייטעכצער,
שעדליכע און אומשעדליכע.

עס איז גרינגער אַרויסצוגעפינען און צו דערקע־
נען די פיזישע סימנים פון די ציגיינערס, איידער צו
געבן אַ באַשרייבונג פון זיי; ווער עס האָט נאָר איין מאָל
געזעהן אַ פאַרשוין פון דער ראָזיגער משפחה, וועט אים
שוין דערקענען צווישן טויזנטער מענשן; פון די פעל־
קער, צווישן וועלכע זיי וואוינען, אונטערשיידן זיי זיך
געוויינטליך דורך זייער פרצוף, דורך דעם באַזונדערן
אויסדרוק פון זייער געזיכט. די פאַרב פון זייער געזיכט
איז טונקל, על כל פנים אַ סך טונקעלער, איידער די
פאַרב פון די אַרומיגע פעלקער, צווישן וועמען זיי לעבן.
פון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען „קאַלע" (שוואַרץ),
וואָס די ציגיינערס געבן זיך אָפּט. זייערע אויגן זיצן
קרום, און דאָס איז זעהר ניכר, זיי האָבן אַן איידלען
שניט, זיינען שוואַרץ און באַשאָטנט פון לאַנגע און
געדיכטע וויהעס. ווער עס וויל כאַראַקטעריזירן זייער
קוק, דער זאָל אים פאַרגלייכן מיט דעם קוק פון אַ
ווילדער חיה: עס שפיגלט זיך אין אים אָפּ אי מוט,
אי פחדנות; ער אַנטפלעקט די טבע פון דער נאַציע,
וועלכע איז אין דער אייגענער צייט אי מוטיג, אי גנבהש,
און וועלכע האָט אויף אַ גאַנץ נאַטירליכן אופן מורא
פאַר קלעפּ, פּונקט אַזוי ווי דער מיטאָלאָגישער פאַנורג.
די מאַנסבלען זיינען ס׳רוב שיין געוואַקסן, מאָגער,
רירעוודיג און מיט געטאָקטע אברים; איך געדיינק ניט,
צי האָב איך ווען עס איז געזעהן אַ ציגיינער מיט אַ גראָבן
בויך. צווישן די רייטשע ציגיינערקעס טרעפן זיך אָפּט
שיינע ווייבער; אָבער צווישן די שפּאַנישע ציגיינער־
קעס איז שיינקייט אַ זעלטענער גאַסט. בעת זיי זיינען

נאָך זעהר יונג, קאָן מען זיי האַלטן פאַר באַחנטע מיאוסקייטן, אָבער קוים ווערן זיי מאַמעס פון קינדער, אַזוי קערט פון זיי ממש די גאַל. סיי מאַנסבלען, סיי ווייבער זיינען מוראָדיג ברודיג; ווער עס האָט נישט געזעהן די האָר פון אַן עלטערער ציגיינערקע, דער וועט ניט קאָנען האָבן קיין ריכטיגע השגה פון זיי, אַפילו ווען ער וועט זיך פּרובן פאָרשטעלן די סאַמע שטייפּ־סטע, סאַמע פעטסטע און סאַמע באַשטויבטע גריוועס. אין אַ פּאָר גרעסערע שטעט פון אַנדאַלוזיע זיינען שוין יאָ פאַראַן געוויסע יונגע מיידלאַך, אַביסל שענער, איידער די אַנדערע, וועלכע היטן זיך אָפּ אין דעם ראָזינן פּרט. הער באָררָאָוו, אַן ענגלישער מיסיאָנער, דער מחבר פון צוויי אינטערעסאַנטע ביכער איבער די שפּאַנישע ציגיינערס, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכן זיי פאַר קריסטן אויפן חשבון פון דער ביבלישער חברה, איז מבטיח, אַז קיין איינציגע ציגיינערקע האָט זיך נאָך ניט פאַרליבט אין אַ מאַנסבל, וואָס געהערט ניט צו זייער משפּחה. ער לויבט זעהר זייער צניעות, אָבער איך מיין, אַז ער איז שטאַרק מגזם אין דעם ראָזינן פּרט. קודם כל געפינט זיך דער רוב ציגיינערקעס אין יענעם מצב, פון וועלכן אָוויד האָט געזאָגט: „קאַסטאַ קוואַם נעמאָ ראָגאַוויט". בנוגע צו די שיינע, זיינען זיי ווי אַלע שפּאַניערקעס גרויסע אויסקלייבערקעס, מען מוז זיי געפעלן, מען מוז זיי ווערט זיין. צום באַווייז פאַר זייערע גוטע מידות ברענגט הער באָררָאָוו אַ שטריך, וועלכער באַווייזט נאָר זיינע אייגענע גוטע מידות, באַזונדערס זיין תּמימות. ער דערציילט, אַז איינער פון זיינע באַקאַנטע,

אַ פֿאַרשייטער מענש, האָט פֿאָרגעשלאָגן עטליכע אונ־
צעס אַ שיינער ציגיינערקע און האָט בײַ איר גאָרנישט
געפּועלט... דעם ראָזינגן פֿאַל האָב איך דערציילט אַן
אַנראַלוויער, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער אויבנ־
דערמאָנטער פֿאַרשייטער מאַנסבל וואָלט געהאַט מער
הצלחה, ווען ער וואָלט דער ציגיינערקע געוויזן צוויי
אָדער דריי פּיאַסטער, וואָרום קריגן די הסכּמה פֿון אַ
ציגיינערקע דורך גאַלרענע אונצעס איז פּונקט אַזוי
שווער, ווי צו מאַכן אַ רושם אויף אַ רינסטמיידל פֿון
אַן אַכסניה דורך דעם צוזאָג פֿון צוויי אָדער דריי מיליאָן.
אָבער ווי די מעשׂה איז, עס איז קיין שום ספֿק ניטאָ אין
דעם, אַז די ציגיינערקעס זײַנען איבערגעגעבן זייערע
מענער מיט לײַב און זייל. זיי זײַנען גרייט צו גיין פֿאַר
זייערע מענער אין פֿײַער און אין וואַסער, אַריבערצוטראָגן
די גרעסטע סכּנות און צו לעבן אין דער גרעסטער
רחקות. איינער פֿון די נעמען, וועלכע די ציגיינערקעס
געבן זיך, איז ראָמע, ד. ה. חתונה געהאַטע; דאָס
באַווייזט, ווי גרויס דער אָפּשיי איז בײַ דער ראָזינער
ראַסע פֿאַר דעם ענין פֿון חתונה האָבן. בכּלל קאָן
מען זאָגן, אַז זייער גרעסטע מעלה איז דער פּאַטריאָ־
טיזם, אויב מען קאָן אַזוי אָנרופֿן די געטרייקייט צו פֿאַר־
שוינען פֿון רעמזעלבינן שורש, די גרייטקייט צו העלפֿן
איינער דעם אַנדערן און דאָס האַלטן בסוד אַלץ, וואָס
איז נוגע צו ניט גלאַטיגע געשעפֿטן. אגב זעהט מען
אַזוינע מעלות אין אַלע חבֿרות און קבוצים, וועלכע
פֿאַלן אַרויס פֿון די רעמלאַך פֿונם געזעץ.

מיט עטליכע חדשים צוריק האָב איך באַזוכט אַ מחנה ציגיינערס, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די וואָזשעס (אַזאַ קאַנט). אין דער כאַטקע פון אַן אַלטער פרוי, וועלכע איז געווען די עלטסטע פון איר משפחה, איז געלעגן אַ ציגיינער, באַפאַלן פון אַ מסוכנדיגער קרייַנק. דער ראָזיגער ציגיינער, וואָס האָט צו דער משפחה גאָר נישט געהערט, האָט פאַרלאָזט אַ שפּיטאָל, וואו מען האָט אים גוט געפּילעוועט, כדי צו שטאַרבן צווישן מענשן פון זיין נאַציע. אין אַ משך פון דרייצען וואָכן איז ער געלעגן אין בעט באַ די מענשן, וועלכע האָבן אים אויפגענומען; מען איז זיך מיט אים אַ סך בעסער באַגאַנגען, ווי מיט די זין און די איידעמס, וועלכע האָבן געוואוינט אין דער זעלביגער שטוב. ער האָט געהאַט אַ גוט בעט פון שטרוי און פון מאָך און נישקשהדיג וויים בעטגעוואַנט, בעת די איבעריגע פאַמיליע, אַן ערך פון עלף פאַרשוין, איז געשלאָפן אויף לאַנגע ברעטער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף דריי פּיסלאַך. דאָס איז דאָס, וואָס איך קאָן זאָגן פון זייער מדה פון הכנסת אורחים. די אייגענע פרוי, וואָס איז געווען אַזוי מענשליך בנוגע צו איר אורח, האָט מיר געזאָגט פאַר דעם חולה אין די אויגן: „באַלד, באַלד וועט ער מוזן שטאַרבן“. נאָך אַלעמען לעבן די ראָזיגע מענשן אין אַזאַ נויט און אַזאַ רחקות, אַז דער אָנזאָג פון טויט איז פאַר זיי גאָר נישט אַזוי שרעקליך.

אַן אינטערעסאַנטער שטריך אין דעם כאַראַקטער פון די ציגיינערס איז זייער קאַלטקייט בנוגע צו אמונה; נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען דאָס די גרויסע אַפּי־

קורסישע רײַנקער, אָדער װײַל זײ זײַנען בטבע מענשן מיט ספקות. זײ האָבן זיך קײנמאָל נישט אַרױסגעזאָגט פֿאַרן אַטעאיזם. פֿאַרקערט, זײ נעמען אומעטום אָן די רעליגיע פֿון דער מדינה, װאו זײ װאױנען; אָבער זײ בײַטן די דאָזיגע רעליגיע, װי נאָר זײ בײַטן זײער פֿאָטערלאַנד. זײ װײסן אױך ניט פֿון אַלע יענע זאַבאַבאָנעס, װעלכע פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון רעליגיעזע געפֿילן בײַ אַלע אומגעבילדעטע פֿעלקער. און צוריק גערעדט, װי זאָלן זײ האָבן אַזעלכע זאַבאַבאָנעס, װען זײ לעבן אױף דעם חשבון פֿון דעם, װאָס אַנדערע לאָזן זיך אַזױ גרינג אײַנרײדן. און פֿונדעסטװעגן האָב איך באַמערקט, אַז די שפּאַנישע ציגײַנערס האָבן שרעקליך מוראָ פֿאַר אַ בר־מינן. עס זײַנען פֿאַראַן זעהר װײניג ציגײַנערס, װאָס זאָלן פֿאַר אַ באַלױנונג אַװעקפֿירן אַ מת אױפֿן בית־עלמן.

איך האָב שױן אײנמאָל געזאָגט, אַז ציגײַנערקעס פֿאַרנעמען זיך מיט קאָרטן װאַרפֿן און מיט װאָר־זאָגן. זײ האָבן דערפֿון אַ גאַנץ שײנע פּרנסה. אָבער אַן אמתע שמאַלץ־גרוב איז פֿאַר זײ דער פֿאַרקױף פֿון ליבע־װאַסערלאַך און פֿאַרשײדענע ליבע־מיטלען. נישט נאָר זײ האַנדלען מיט לאַפּקעס פֿון זשאַבעס, מיט װאָס זײ דערהאַלטן די ליבע פֿון נשמות, װאָס בײַטן אָפּט זײערע געפֿילן, אָדער מיט דעם שטױב פֿון אַ מאַגנעט, מיט װאָס זײ ציהען צו די ליבע פֿון קאַלטע הערצער, נאָר אַז מען דאַרף, רופֿן זײ אַרױס רוחות פֿון דער פֿינסטערניש און צװינגען זײ, זײ זאָלן זײ העלפֿן. מיט אַ יאָר צוריק האָט מיר אַ שפּאַניערקע אָט װאָס דערצײלט:

איינמאָל גייט זי אין דער אַלקאַלער גאַס אַן אומעטיגע און אַ צעטראָגענע; אַ ציגיינערקע זיצט צונויפגעקאָרטשעט אויפן טראָטואַר און רופט זי צו: „מיין שיינע ראַמע, אייער ליב־האָבער איז אייך אומגעטריי געוואָרן (דאָס איז געווען אַן אמת), ווילט איר, וועל איך מאַכן, אַז ער זאָל זיך אומקערן צוריק צו אייך?״ מען קאָן שוין פאַרשטיין, מיט וואָס פאַר אַ שמחה דער ראָזיגער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און ווי גרויס איז געווען דער צוטרוי מצד דער ראַמע צו אַ פאַרשוין, וואָס האָט מיטן ערשטן קוק פאַרשטאַנען די טיפסטע סודות פון דער נשמה. היות ווי מען האָט נישט געקאָנט צוטרעטן צו די כשוף־צערעמאָניעס אין איינע פון די באַלעבאַטעסטע גאַסן אין מאַדריד, האָט מען אָפּגערעדט זיך צונויפצוקומען מאָרגן באַ דער ראַמע אין דערהיים. „עס איז ניטאָ קיין גרינגערע זאַך אין דער וועלט, ווי צו ברייננגען דעם אומגעטרייען צו אייערע פיס״, האָט די ציגיינערקע געזאָגט, „צי האָט איר נישט עפּעס אַ פּאַטשיילקע, אַ קאָפּטיכל, אָדער סתּם אַ שטיק טוך, וואָס אייער ליב־האָבער האָט אייך ווען עס איז געגעבן?״ מען האָט איר דערלאַנגט אַ ווייבערשן שניפּס פון זיידנס. „און איצט נייט אַריין מיט פעדים פון רויט זיידנס אַ פיאַסטער אין אַ ווינקל פון אייער שניפּס. אין דעם אַנדערן ווינקל נייט אַריין אַ האַלבן פיאַסטער; און אָט דאָ — אַ פעזעט; דאָרטן — אַ מטבע פון צוויי רעאַלן. און דערנאָך אין דער מיט מוז מען אַרייננייען אַ גאָלדענע מטבע. אַ דובלאָן וואָלט אַפילו געווען בעסער״. מען נייט אַריין דעם

רובלאָן און אַלע אַנדערע מטבעות. „און איצטער גיט מיר דעם שניפּס, איך וועל עס אַוועקטראָגן אויפן בית־עלמן, בעת דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף. קומט מיט מיר, אויב איר ווילט זעהן אַ שיינעם כשוף. איך זאָג אייך צו, אַז מאָרגן וועט איר זיך זעהן מיט אייער ליבּ־האָבּער". מען איז מיט דער ציגיינערקע ניט מיט־געגאַנגען, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר טייוואָלים. איר קאָנט שוין אַליין משער זיין, צי די פאַרלאָזענע ליבּ־האָבּערין האָט זיך געזעהן מיט איר שניפּס און מיט איר ליבּ־האָבּער.

ניט קוקנדיג דערויף, וואָס די ציגיינערס זיינען אָרים, און וואָס מען מיאוסט זיך מיט זיי, האָט דאָך דער פּראָסטער עולם דרך ארץ פאַר זיי. די ציגיינערס גרויסן זיך דערמיט. זיי פילן זיך אַלס אַ העכערע ראַסע אינם פּרט פון שכל און זיינען מבטל פון גאַנצן האַרצן דאָס פאָלק, בּאַ וועלכן זיי וואוינען. די פרעמדע זיינען אַזעלכע טפּשים, האָט מיר געזאָגט אַ ציגיינערקע פונם וואָזשער קאַנט, אַז עס איז גאָר קיין גרויסע בּריהשקייט ניט אַריינצונאַרן זיי אין זאַק אַריין. אַנומעלט רופט מיך אַ פּויערטע אויפן גאַס צו זיך אַהיים. איך קום אַריין צו איר אין שטוב און זעה, אַז פון איר אויוון גייט אַ רויך. זי בּעט בּאַ מיר, איך זאָל איר געבן אַזאַ מין כשוף, וואָס זאָל מאַכן, אַז דער אויוון זאָל גוט בּרענען. איך האָבּ קודם כל פאַרלאַנגט, מען זאָל מיר אָפּשניידן אַ געזונטן שטיק חזיר־פלייש. דערנאָך הויבּ איך אָן צו מורמלען אונטער דער נאָז אויף ציגיינערש: „דו בּיסט אַ בּהמה. בּיסט געבּאָרן געוואָרן אַ בּהמה און אַ בּהמה וועסטו

שטאַרבן״. אַז איך בין שוין געווען באַ דער טיר, האָב איך איר געזאָגט אויף רייטש און טאַקע גאַנץ קלאָר: „עס איז פאַראַן אַ טייער מיטל, ווי אַזוי צו מאַכן, אַז פונם אויוון זאָל נישט גיין קיין רויך: נישט הייצן״. און נעם די פיס אויף די פלייצעס און מאַך פליטה.

די געשיכטע פון די ציגיינערס איז נאָך ביז היינטיגן טאָג אַ פּראָבלעם. מען ווייס אויף געוויס, אַז זייערע ערשטע גאַנץ שיטערע מחנות האָבן זיך באַוויזן אין מזרח־אייראָפּע אַן ערך אינם אָנהויב פונם פופצעטן יאָרהונדערט; אָבער קיינער ווייס נישט, פון וואַנען און צוליב וואָס פאַר אַ סיבות זיי זיינען געקומען קיין אייראָפּע, און וואָס איז נאָך ציקאַווער און וואונדער־ליכער — מען ווייס נישט, ווי אַזוי אַרום זיי האָבן זיך אין אַ קורצער צייט אַזוי אומגעהייער פאַרמערט אין פאַרשיידענע קאַנטן, וואָס זיינען זעהר ווייט איינער פון דעם אַנדערן. די ציגיינערס גופא פאַרמאָגן ניט קיין שום געשיכטע איבער זייער ערשטן שורש, און אויב דער רוב פון זיי האַלט דאָס לאַנד מצרים פאַר זייער פאָטער־לאַנד, איז דאָס מער ניט ווי אַ לעגענדע, וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרן בנוגע צו זיי און וואָס זיי האָבן אָנ־גענומען.

## „כלל-ביכער"

1. פראָפעסאָר מעריִמעַ: קאַרמען (פון פראַנצויזיש)
2. אַנאַטאָל פראַנס: דער פּראָקוראַטאָר איבער יהודה און אַנדערע דערציילונגען (פון פראַנצויזיש)
3. גאָטפריד קעלער: זיבן מעשיות (פון דייטש)
4. יאָזעף אייכנדאָרף: זכרונות פון אַ שטיפער (פון דייטש)
5. אַדאַלבערט פאָן שאַמיסאָ: פּעטער שלעמיל — דער מענש אָהן אַ שאָטן
6. צבי הירשקאַן: פון דערווייטנס (וואַנדערער, וועגן, שטראָמען)

אין דער סעריע „כלל־ביכער" וועלן מיר געבן אויסשליסליך גרעסערע בעלעטריסטישע ווערק, אָריגינעלע און איבער־זעצונגען, פון די בעסטע שרייבער.

*

## „כלל-ביבליאָטעק"

1. ח. נ. ביאַליק: צער און צאָרן
2–3. א. נ. גנעסין: מעשה אָטעלאָ און סאַמואיל סאַמואילאָוויטש
4. ה. ד. נאָמבערג: אין אַ פּוילישער ישיבה
5. צבי הירשקאַן: ניט הינטער אַ פּלויט
6. ערנסט מאַך: צוליב וואָס האָט אַ מענש צוויי אויגן
7. מ. ווישניצער: יידישע צעכן אין פּוילן און ליטע
8–9. יו. וואַגנער: מעשיות וועגן פייער און ליכטיגקייט
10. י. שטיינבערג: אין אַ פּאַרוואָרפן ווינקל

11. ריקארדא הוך: דער יידישער קבר
12. י. אדורען: דער גר צדק פון שלעזיע
13-14. יו. וואגנער: מעשיות וועגן ערד
15-16. ג. פלאָבער: העראָדיאדע
17-18. קולבאק: לידער
19-20. בעל-דמיון: הומאניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראטור
21-22. ז. שניאור: פון דעם זיידנס קוואל (מענדעלי מוכר ספרים ווערטלאך)
23-24. ז. שניאור: שלום-עליכמס אָנדיינקען
25-26. בעל-מחשבות: דרום-יידן און יידישע ליטעראטור (היסטאָריש-קריטישע שטודיע)
27-28. ר' נחמן בראצלאווער: ספורי מעשיות
29-30. „ „ „ „
31-32. „ „ „ „
33-34. י. שטיינבערג: באשטאנעס
35-36. יו. וואגנער: מעשיות וועגן לופט
37-38. וו. לאצקי-בערטאָלדי: גזרות דעניקין
39-40. מאָנטאן: אונבאשטאנדיגקייט און טויט
41-42. בעל-מחשבות: גראָבין (מוסרניקעס)
43. קורט יועל: ברויט פון לופט
44-45. „ „ נאָלד פון בליי
46. „ „ וועלט-שטימע און וועלט-אויער
47-48. נתן האנאָווער: פון טיפן זומפ—גזרת כמעלניצקי איבערגעזעצט פון העבראיש (יון מצולה)
49-50. חסידישע מעשיות
51-52. א. ל. לעווינסקי: אין הונדערט פופציג יאָר ארום

ס'ווערט צוגעגרייט א גאנצע רייה ביכלאך פון פילאָזאָפישע שריפטן: בורא, לאאָטזע, עפיקטעט, שפינאָזא, פאסקאל, שאָפענהויער און בערגזאָן.